# דער יוד

# (DER JUDE)


צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט 2 מאל מאנאטליך.

פערלאג: חברה „אחיאסף“. רעד.: י. ח. ראבניצקי.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
נור יאהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 „
דען 1טען סענטיאבער 1 „
יערער איינציגער נומר קאסט 25 ק״ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארען —.5 פלארין.
האלביאהריג 2.60 „
פירטעליאהריג 1,35 „
דייטשלאנד 8, 50 מארק.
ארץ ישראל —.10 פראנק.
אנדערע לענדער —.12 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילנג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

נומר 3. ווין — קראקויא, אדר תרנ״ט — פעברואר 1899. ערשטער יאהרגאנג.


## אינהאלט:



---

## צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Dietelgasse 105.

אין ווארשא:
פערלאג „אחיאסף“ ווארשא, פאסט-קיסטע נו. 25.
פערזענליך, מאריאנסקא נו׳ 6.

אין ווין:
E. Torczyner, Wien I. Bez. Rudolfsplatz 6.

אין בערלין:
Verlag „Achiasaf“ Berlin, zu Händen Dr. H. Malter, Charlottenburg, Schillerstr. 47.

## צו די לעזער!

מיר האלטען פאר איבעריג צו ערקלעהרען ווי ווייט ס'איז נייטיג פאר אונזער פאלק א זארגאנישע צייטשריפט וועלכע זאלל בעהאנדלען אלע יודישע אינטערעסען און וואו אונזערע שרייבער זאלען האבען א פלאטץ צו רעדען מיט'ן פאלק אין דער שפראך וואס ער פערשטעהט. יעדער טרייער יוד פערשטעהט אליין גאנץ גוט און פיהלט גענוג שטארק די נאטווענדיגקייט דערפון, און מיר זענען זיכער אז אונזערע לעזער וועלען געוויס אויך פערשטעהען די וויכטיגקייט פון דער צייטשריפט.

מיט דעם אויפרוף ווילען מיר נור בעמערקען, אז אלץ וואס ס'איז געווען פאר אונז מעגליך האבען מיר אנגעווענדט און וועלען ווייטער אויך אנווענדען אז „דער יוד" זאל ווירקליך בריינגען נוטצען פאר אונזער פאלק. און אונזערע פאלקס-שרייבער וועלכע האבען אונז שוין געגעבען זייערע שריפטען אדער פערשפראכען זייער מיטארבייטען אין אונזער ארגאן, געבען אונז דאס רעכט צו האפפען אז „דער יוד" וועט זיין א אמתע יודישע צייטשריפט אין פאלעם זיננע דעם ווארטס. צו פערגרינגערען די מעגליכקייט פאר יעדען אוים צו שרייבען אונזער צייטשריפט, האבען מיר געשטעלט א גאנץ קליינעם פרייז

**נור 4 רובל פאר א גאנץ יאהר.**

און דאס אויך אין 3 אוים צאהלונגען (ראטעס): ביים אויסשרייבען אין יאנואר 2 רוב׳ אין מאנאט מאי 1 רוב׳ און אין סעפטעמבער דעם לעצטען רובל.

פאלגענדע שרייבער האבען צוגעזאגט זייער מיטארבייטונג פאר אונזער צייטשריפט:

ד"ר אייזענשטאדט, בן-עמי, ביאליק ה. נ., ד"ר ביכאווסקי, בערקאוויץ מ., ד"ר בראנדט, ברודס ר., בריינין ר., גאלדפאדען א., דינעזאן י., ד"ר הערצל, ווייסבערג י. י., ווארשאווסקי מ. מ., ד"ר ווערנער, זאגאראדזסקי י. ה., זאמאשטשין פ., זילבערבוש ד., יארק שטיינער, יהל"ל, יפה ל., מרדכי בן הלל הכהן, ד"ר כהן בערנשטיין, ליליענבלום מ. ל., ליניעצקי, י. י., לעווינסקי א. ל., מענדלי מוכר ספרים, ספעקטאר מ., ד"ר עהרענפרייז מ., פרוג ש., פרייד מ. י., פריעדבערג א. ש., פרץ י. ל., פרענק ע. נ., ציטראן ש. ל., קלויזנער י., ראבניצקי י. ח., ראזענטאל א. ד., ראזענפעלד מאריס, ראזענפעלד ש. ד"ר שנירער, שלום עליכם, און פיעל אנדערע.

ס'פערשטעהט זיך, אז אויך פון די לעזער הייגנט פיעל אב. ניט נור דער עקזיסטענץ נור אויך דאס ווערט פון דער צייטשריפט. לויט דעם צאהל פון די אבאנענטען וועלען מיר זיין אים שטאנד אונזער צייטשריפט צו פערבעסערען און צו פערגרעסערען.

**די אדמיניסטראציאן.**

---

1. März 1899. **DER JUDE.** Nr. 3.

דער פּרייז פיר רוססלאנד:
נוּר יאהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 „
דען 1טען סענטיאבער 1 „
יעדער איינציגער נומר קאסט 25 ק"ר אדער 20 קאפּ.

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפּ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס פּרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארען —.5 פלארין.
האלביאהריג 2.60 „
פירטעליאהריג 1,35 „
דייטשלאנד 8, 60 מארק.
ארץ ישראל —. 10 פראנק.
אנדערע לענדער —. 12 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילנג.

פּרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

פערלאג: חברה „אחיאסף“.
ערשיינט 2 מאל מאָנאַטליך.
רעדאַקטער: י. ח. ראבניצקי.

נומר 3. וויען — קראַקויא, אדר תרנ"ט — פעברואַר 1899. ערשטער יאהרגאנג.

## אין וואָס איז אונזער הילף?

אונזער פאָלק איז תמיד אַ גרויסער בעל־בטחון, אין שלעכטע ביטערע צייטען לעבען יודען מיט האָפנונג אויף בעסערע צייטען, אויף אַ שענעם צוקונפט. בטחון איז געוויס זעהר גוט, האָפנונג איז זעהר אַ טייערע זאַך, נאָר מען טאָר קיינמאָל נישט פערגעסען אַז מיט הוילע האָפען וועט מען נאָך גאָר נישט מאַכען, מען מוז דערצו טהון, אַרביי־טען. די שענע צוקונפט וועט אַליין נישט קומען, מען מוז זי ברענגען ברענגען מיט אַלע קרעפטען.

מיר יודען מוזען וויסען און שטענדיג געדענקען אַז אונזער גאַנצע קראַפט, אונזער חיות און נצחון ליעגט אין אונזער שטאַרקען שטרעבען צו בעסערע גליקליכערע צייטען. אַלע יודען גלייבען מיט האַרץ און זעעלע אין משיח, ער מוז קומען און וועט קומען. מיר טאָרען אָבער נישט בעגניגען זיך נור מיט אַרויסקוקען אויף איהם, אויף אונזער גואל, און דערווייל זיטצען פערלעגט די הענד און גאָר נישט טהון. מיר מוזען זעהן מיטהעלפען דערצו ער זאָל קענען קומען, ער זאָל האָבען צו וועמען צו קומען. ביסליכווייז, פון טאָג צו טאָג דאַרפען מיר איהם זעהן ברענגען מיט אונזער נאַציאָנאַל־אַרבייט, מיט אונזערע קליינע אָפּפער, מיט אונזער גרויסער אַנשטרענגונג פאַר'ן כלל־ישראל.

קיינער קען אונז ניט העלפען און וועט אונז ניט העלפען, ווען מיר ווילען זיך אַליין ניט העלפען אַלס יודען, אַלס קינדער פון איין פאָלק, פון איין פאַמיליע, אַלס געטרייע הייסע ברידער. אונזער הילף ליעגט ניט אין האַס געגען רייכערע, גרעסערע, קרעפטיגערע, נאָר אין איינינקייט, אין ליעבע צו אַלע אונזערע ברידער אָהן אַ אונטערשיעד. ניט אין מלחמה איינער געגען דעם אַנדערען ליעגט אונזער ישועה, נאָר אין עוויגען קאַמפף געגען אַלע אויסערליכע מניעות און הינדערניסע אויף אונזער שווערען וועג.

מיר ליידען פריהער פון אַלץ, אַלס יודען, און אַלס יודען מוזען מיר געהאָלפען ווערען.

עס געפינען זיך אפילו היינט אַזעלכע בעלי־טובות וואָס ווילען אונז כלומר'שט העלפען אַלס אַרבייטער־פריינד נישט אַלס יודען־פריינד, נאָר זיי קענען אונז ברענגען נור שאַדען. זיי וויסען ניט, זיי קענען ניט אַלע אונזערע ליידען, אַלע אונזערע וואונדען; זיי זעהען נור אונזערע קערפּערליכע ליידען, זיי זעהען נור דעם אונטערשיעד צווישען אָרום און רייך, צווישען דעם בעל־הבית און זיין פועל, און קומען צו אונז מיט אַ גרייטען, פאַרטיגען רעצעפּט צו אַ אַלטער אַלגעמיינע קראַנקהייט און גלייבען, אָדער ווילען מיר זאָלען גלייבען, אַז זיי קענען אונז אויס־קורירען און שטעלען אויף די פיס. אָבער באמת קען זייער רעצעפּט, וועלכען זיי ברענגען פון אויסלאַנד, נור פערגרעסערען, פערמעהרען אונזערע וועהטיגען, אונזער שוואַכהייט, פערניפּטען אונזער בלוט און רויבען אונזערע לעצטע ביסעל כוחות. דאָקטוירים אָדער ריכטיגער זנאַכערס, וועלכע קומען צו אונז, איין גאָט וייס פון וואַנען און מיט וואָס פאַר אַ כּוונות, אַבזיכטען, אונז צו היילען, און דאַביי הערען זיי זיך ניט צו צו אונזער דופק, זיי בעאָבאַכטען ניט אונזער האַרץ־וועה און ווילען אויף אונז פּריוען פערשיעדנע נייע הייל־מעטאָדעס, פערשיעדענע רפואות גלאַט אין דער וועלט אַריין, — אַזעלכע רופאים גלייבען מיר ניט און טאָרען ניט גלייבען, זיי וויסען ניט, און קענען גאָר ניט וויסען וואו עס ליעגט דער הויפּט־וואורצעל פון אַלע אונזערע קראַנקהייטען.

פרעגט ניט דעם רופא, פרעגט דעם חולה!

און מיר חולאים וייסען זעהר גוט וואו עס שטעקט דער שורש פון אונזער בעזאָנדערע קראַנקהייט. מיר וייסען, וויינינגסטען דאַרפען און מוזען מיר וויסען: אונז פעהלט אַ לאַנד, אַ היימאַטה, אַ אייגען ווינקעל וואו צו לייגען דעם קאָפּ, וואו האָבען אַ שטיקעל מנוחה און נישט מורא האָבען יעדער רגע אַז מען קען אונז אַרויסשליידערען, אַרויס־וואַרפען ווי אַ אַלטע, ווי אַ שעדליכע, געפעהרליכע זאַך. מיר רעדען ניט פון די יודען אין רוסלאַנד וואו עס הערשט דאָס פעסטע געזעטץ, נאָר פון אונזערע ברידער אין אַנדערע לענדער, ווי למשל רומעניע, וואו מען שליידערט זיי נעביך אום ווי אין כף־הקלע, וואו זיי האָבען ניט די רעכטע וועלכע עס האָבען זאָגאַר הינד, וואו זיי דינען אַלס זינדבאָק פאַר אַלע פרעמדע הטאים, וואו מען דריקט זיי, שטיקט זיי פון אויבען און פון אונטען, וואו מען פערעכענט זיי די מעלות פאַר הסרונות און אַלעס ווערט זיי גערעכענט פאַר אַ זינד, פאַר אַ פערברעכען, אפילו זייער אָרימקייט, זייער הונגער, נויט, ווערט זיי אויך גערעכענט אַלס זייער שולד; וואו זייער דראַנג צו אַרבייט, צו שווערע אַרבייט, זייער דורשט צו בילדונג, צו ליכט, צו גערעכטיקייט ווערט זיי פעררעכענט אַלס שאַנד און פערברעכען; וואו מען קען זיי ניט פערצייהען וואָס זיי לעבען, וואָס זיי אַטהמען אויף דער וועלט, און וואָס זיי האָבען די העזה גאָר צו וועלען לעבען; וואו זיי ווערען פערהאַסט, פערפאָלגט פון אָרום און רייך, פון קליין און גרויס, פון געבילדעטע און אונגעבילדעטע, זאָגאַר פון די וואָס זענען אַליין אָרום, אַליין אונטערדריקט, זאַגאַר פון די וועלכע האָבען פון זיי טובות געהאַט, פון די פאַר וועלכע זיי האָבען געקעמפּפט, געליטען. מיר רעדען פון די יודען אין די לענדער וואו זיי זענען פער־האַסט דורך און דורך, וואו דער האַס צו זיי איז איינגעזויגען מיט דער מוטערס מילך, וואו מען האַסט זיי אַלס רעליגיעזע, פרומע, און אויך, ווען ניט מעהר, אַלס פריידענקער, ניט־גלויביגע, אַלס עכטע יודען מיט פאות'ן, מיט טשאָלנט, מיט אַלע פיצעליך און ברעקעליך, און אַלס אויסגעמישטע יודען, וועלכע האָבען שוין דאָס גאַנצע ביסעל יודישקייט אַוועקגעוואָרפען.

דער האַס צו אונז יודען האָט געביטען דעם נוסח, די פאָרם אָבער דער תוך, דער גרונד איז דערזעלבע וואָס אין אַלטע צייטען. מיר זענען נאָך היינט ווי אַמאָל כמעט אין אַלע לענדער פרעמדע, איבריגע, בעפירכטעטע און פערהאַסטע, העכסטענס זענען מיר נור גע־

דולדעט, ווייל מען דאַרף אונז נאָך אויף געוויסע זאַכען. אַנדערע געפֿעלט נאָך צו שפּילען מיט אונז די ראָל פֿון בעלי־טובות, מען וואַרפֿט אונז אַ ברעקעל פֿון מענשליכע רעכטע און מען פֿערלאַנגט דערפֿאַר מיר זאָלען זיך אָפּזאָגען פֿון אַלעס וואָס אונז איז טייער, ליעב און הייליג. תמיד מיט דעם וואַנדערשטאָק אין האַנד, תמיד וועקסלען די לעבענס־בעדינגונגען, תמיד טראַכטען נור צופֿריעדען־שטעלען פֿרעמדע, נאָכ־טאַנצען נייע מאָדעס, נאָכמאַכען נייע מנהגים, נאָכזינגען און נאָכזאָגען פֿרעמדע ווערטער און ליעדער, תמיד פֿערשטיקען זיך, פֿערשטעלען, פֿערמאַסקירען, פֿערבאָרגען די אייגענע געפֿיהלען, די אייגענע מיינונג איבערצייגונג, ליידען און פֿריידען, תמיד נאָכקוקען אין די אויגען פֿון אונזערע שטאַרקערע שכנים זעהען וואָס פֿאַר אַ מינע, הַעֲוָיָה זיי מאַכען, וואָס פֿאַר אַ וואונק זיי ניבען.

ניין, נישט פֿון די נייע מאָדנע רפואות קענען מיר האָפֿען אַ אמת׳ע ישועה, מיר מוזען געהאָלפֿען ווערען אַלס יודען אין אונזער אייגען לאַנד. ווען מיר פֿיהלען דאָס אונז פֿעהלט אַ לאַנד און ווילען ווירקליך בעקומען אונזער אייגען לאַנד, קענען מיר האָפֿען אַז מיר ווילען זי געוויס בעקומען. ניט דורך קריעג, ניט דורך קראַפֿט נור דורך גייסט און פֿלייס, דורך אָפּפֿער און מיהע. די עדעלסטע און בעסטע פֿון אַלע פֿעלקער ווילען אונז דערצו העלפֿען. אָבער איבערהויפּט מוזען מיר זיך שטיצען נישט אויף אַנדערע, אויף פֿרעמדע, נאָר אויף זיך זעלבסט. נאָך דעם וואָס מיר האָבען זיך אַזויפֿיעל דורות איבערגעלעבט אין פֿרעמדע לענ־דער, נאָך דעם וואָס מיר האָבען פֿערזוכט דעם טעם פֿון אַלע מיני ביטערקייט פֿון גלות, דאַרפֿען מיר שוין וויסען און פֿיהלען וואָס הייסט אַ אייגען לאַנד. איצט דאַרף אונז קיין אָפּפֿער טייער זיין פֿאַר אונזער הייליג טייער לאַנד, וועלכעס מיר קענען צו ביסליכווייז אויסלעזען, צו ביסליכווייז ערוואַרבען אין אונזער בעזיטץ.

געוויס, יעדער פֿון אונז האָט זיך זיינע פּעקליך צרות, זיינע טעג־ליכע דאגות און אייגענע יסורים, אָבער מיר אַלע צוזאַמען האָבען דאָך געמיינזאַמע צרות, מיר אַלע אָהן אונטערשיעד זענען דאָך בנים שגלו מעל שלחן אביהם, קינדער וואָס זענען פֿערטריבען, פֿעריאָגט פֿון זייער פֿאָטערס טיש און בלאָנקען זיך אַרום אויף דער וועלט ווי אין עולם־התהו, און דאַרום זענען מיר אַלע מחויב מיטווירקען, מיטהעלפֿען אַז אונזער פֿאָלק זאָל ווייטער האָבען אַ מקום־מנוחה אין אונזער הייליג לאַנד. יעדער פֿון אונז מוז דינען דעם צווייטען פֿאַר אַ ביישפּיעל אַז ער איז פֿעהיג צו פֿערגעסען אַ רגע אונזער קליינליכעס אַלטעגליכעס לעבען און ערהויבען זיך צו עטוואָס גרעסערס, ערהויבען זיך ביז צו אונזער פֿאָלקס־אידעאַל און בעגייסטערען זיך מיט דעם הויכען געדאַנק פֿון אונזער ווידערלעבען. ווי גליקליך ווילען מיר זיך פֿיהלען ווען מיר ווילען וויסען אַז מיר האָבען אַ געדאַנק, אַ אידעאַל, אַ אויסזיכט אויף שפּעטער, ווען מיר ווילען וויסען אַז ווען ניט פֿאַר אונז האָבען מיר חאָטש פֿאַר אונזערע קינדער עפּיס געטהון זיי זאָלען קענען פֿיהרען אַ רעכט לעבען.

אַלעס קען זיין, אַלעס קענען מיר האָפֿען, ווען אַלע אונזערע קרעפֿטען זאָלען זיך פֿעראייניגען צו איין צוועק, ווען מיר ווילען ניט פֿערלירען אונזערע כוחות אויף קליינינגקייט, אויף קריעגערייען, אויף פּוסטע רעדערייען. עס איז פֿאַר אונז געקומען אַ גרויסער מאָמענט, מיר טאָרען נור אין אַזאַ צייט אַליין נישט זיין קליין. עס שיינט אַז פֿאַר אונזער פֿאָלק, פֿאַר זיין ווידערבעלעבונג בלאָזט איצט אַ גינסטיגער ווינד, און ווען מיר ווילען ווירקליך ווייזען דער גאַנצער וועלט אַז מיר מיינען ערנסט און אויפֿריכטיג מיט אונזער ווידערבעלעבונג, ווילען אונז געוויס בעסערע מענשען פֿון אַלע נאַציאָנען מיטהעלפֿען פֿיהרען אונז צו׳ם צוועק, צו אַ אַנשטענדיגעס, פֿרוכבאַרעס זעלבסטשטענדיגעס לעבען.

אין אונזער צייט מאַכט מען פֿון אַלעס אַרויסגעוואָרפֿענעס, איבערגעבליבענעס, ניט נוטציגעס עטוואָס שענעס, גוטעס און נוציגעס. פֿאַר וואָס זאָלען מיר פֿון זיך זעלבער עטוואָס שענעס ניט מאַכען. און וואָס קען זיין שענערס ווי פֿערוואַנדלען אַ פֿערשאָלטען לעבען, אין אַ געבענטשט, גלענצענדיג לעבען? און וואָס קאָן זיין גלענצענדער און שענער ווי ווען אַלע אונזערע קרעפֿטען, אַלע אונזערע פֿעהיג־קייטען און בעגאַבונגען וועלען אַרבייטען, בליהען און וואַקסען אויף אונזער פֿעלד, אין אונזער געביט, ווען זיי וועלען אַרבייטען און וואַקסען אָהן דרוק פֿון אויסען גאַנץ אונגעשטערט, און גאַנץ פֿריי?

גאַנץ קליינע פֿעלקער וועלכע זענען אָרומער פֿון אונז אין גייסט, אין בילדונג און אין גוטע מעלות און מדות, וועלכע האָבען געלעבט אין פֿיעל ערגערע פֿערהעלטניסע פֿון אונז, זענען פֿאַר אונזערע אויגען, אויפֿגעריכט געוואָרען און ערוואָרבען זעלבסטשטענדיגקייט. יאָ, אַלעס קען אַ פֿאָלק ערריכען ווען עס האָט נור אַ גוטען, שטאַרקען ווילען. און בעזאָנדערס אַזאַ פֿאָלק ווי מיר, וואָס איז אַזוי רייך אין ערפֿאַה־רונגען, אין טאַלענטע, אין אויסדויערקראַפֿט, און איז אויך אין שטאַנד צו איינלעבען זיך, צו געוועהנען זיך צו אַלע מעגליכע נייע בעדינגונגען, צו אַלע נייע לעבענס־פֿאָרמען. (ענדע קומט.) ר. בריינין.

---

# שְׁלֹמֹה רֶבִּי חַיִּים׳ס

(אין ליטא)

## איין אַלְטֶע מַעֲשֶׂה.

געדרוקט בהשתדלות

מענדעלי מוכר־ספרים.

3.

ס׳איז ווינטער, שבת־צונאַכט, נאָך הבדלה. אויפֿ׳ן „לוטשניק" אונטער׳ן קוימענדיל, ברענט פֿרעהליך אַ פֿייעריל, וואָס פֿון צייט צו צייט ווערד עס אונטערגעהאַלטען מיט דינע טרוקענע שפּענדליך. דעם פֿייעריל אַקעגען, ביי אַ טיש, צוגערוקט צו דער וואַרמער רובע, זיטצט דאָס הויזגעזינד, אַ שכנה פֿון דער צווייטער שטוב, פֿול מיט נייעס ווי אַ פּויק, איז אויך דאָ, מען וואַרפֿט זיך איבער מיט אַ וואָרט און מען פֿליקט פֿעדערען. דערביי טאַקי לייענט איינער פֿון די קינדער פֿיר די מעשה פֿון יוסף הצדיק מיט די ברידער אויף עברי־טייטש. מען האָט הנאה, מען וואונדערט זיך אויף דער גבורה פֿון יהודה — פֿון זיינס אַ געשריי ווערד שיער נישט אַ תֵּל פֿון גאַנץ מצרים! די קאַטץ זיטצט צושאַרענדיג זיך צום אויבען, לעקט אַ לאַפּקעלע, מאַכט מיט די אויערליך און האָט, ווי עס זעהט אויס, אויך הנאה. אין אויבען הייצט זיך, עס קאָכט זיך וועטשערע. נאָר קודם־כל זידט דאָרט אַ טעפּיל קאַרטאָפֿלעס אויף איבערצוהאַפּען דערווייל. רבי חיים געהט הין און צוריק איבער דער שטוב, נאָך אין דער שבת׳דיגער קאַפּאָטע און זינגט זיך „אליהו־הנביא" מיט גרויס געפֿיהל. און ווי ער לאָזט אויס דעם סוף „במהרה יבוא אלינו", גיך און באַלד קומט ער צו אונז, עפֿענט זיך די טהיר און לייטישע מענשען פֿונ׳ם שטעדטיל קומען אַריין — אַ גוטע וואָך, אַ גוט יאָהר!

און דאָס פֿאַרשטעהט זיך אַליין, אַז לייטישע מענשען גיבען איינער דעם אַנדערען אָפּ כבוד ביי׳ם אַריינקומען, האַלטענדיג אַ שעה אָפֿען די טהיר אפילו ווינטער, נאָר אומצוקומען דערווייל און שטוב פֿאַר קעלט, אַזוי אויך ביי׳ם זעטצען זיך. ס׳איז אַוועק היבש צייט אין ריקעניש, אין ווינקעניש, אין בעטעניש, פּלאָנטענדיג זיך דערווייל דער יענעם אונטער די פֿיס, ביז די לייטישע מענשען האָבען זיך לסוף אויסגעזעטצט. שרה איז מכבד די געסט גאָר פֿריינדליך מיט טרינקען „שפּעציעס" — מיני קרייטעכצער, וואָס אַ כפרה פֿאַר זיי טהע — און מיט שטיקליך קאַנדעלצוקער, וואָס אַ כפרה דערפֿאַר הייניגער צוקער... מען זיטצט זיך, מען בלאָזט און מען טרינקט, איינער פֿערדרייכערט זיך די פּיפּקע — אַ פּאַרצעלייען לולקעלע מיט אַ זילבערן דעקעל און אַ לאַנגען געפֿלאָכטענעם ציביק. אַ פּאָר היסטען זיך אויס, טאַפּען זיך ביי די נעז, ביי די בערד און עס הויבט זיך אָן אַ שמיעס. אַהין אַהער, דאָס אַביסעל, יענץ אַביסעל ביז מען קומט אַרויף לסוף אויף אַזאַ שמיעס:

— אָה־האָ־חאָ, די גזרה פֿון די קליידער איז דאָך טאַקי אַ מיאוסע זאַך! — מאַכען אַלע מיט אַ זיפֿ׳ן — יודען זאָלען זיך אָנטהון דייטש: אַ קאַרטוז מיט אַ דאַשיק... ס׳איז דאָך עפּיס משונה

אַ שרעק! און געוואַלד צו וואָס, רבונו־של־עולם, צו וואָס?!... וואָס קען „זיי" דאָרט, ז' י' וואָס קען אַרויסקומען דערפֿון, אַז יודען וועלען זיך שוין אָנטהון דייטש?... עס מוז דאָך זיין עפּיס אַליין מיט אַ גאַנג.

— מען שמיעסט, דרינען שטעקט אַ שפּיצעל — רופֿט זיך אָן מיט אַ קנייטשעלע יענער פֿונ׳ם פּיפּקעלע, פֿאַרציהענדיג זיך שטאַרק און אַרויסלאָזענדיג פֿונ׳ם מויל רינגעליך רויך — וואַקסען זאָל עס גאָר וואַקסען... פֿון וועמין מיינט איהר? — פֿון מאָנטיפֿיורען!

— גאָט איז מיט אייך, רבי בער! וואָס רעדט איהר?

— אָט דאָס וואָס איהר הערט. אָבער רבי ברוך הלל׳ס מעג מען גלייבען? ער קומט ערשט פֿון די ירידין און האָט דאָרט מיט זיינע אייגענע אויערן...

— איך האָב אויך עפּיס אַזוינס געהערט — פֿאַלט אַריין אין די רייד אַ ריהרעוודיגער, צאַפּלענדיגער יוד, פֿערבייסענדיג אַ ליפּ — האַ, וואַרט נאַר וואַרט, וואָס האָב איך געהערט?

— שלאָגט נישט איבער, ר׳ יוסיל — מאַכט דער עולם — שאַ!..., אַ־נו, רבי בער!

— מען שמיעסט, הייסט עס — הייבט אָן רבי בער געלאַסען, פּאַמעליך און קייעט איטליכס וואָרט ביז ער ברייננט עס אַרויס פֿונ׳ם מויל — אָט וואָס: אַז מאָנטיפֿיורע האָט געזעהן ס׳איז פּע..., איז ער געקומען מיט אַזאַ פּראָיעקט: אדוני מלך, זאָגט ער, פֿערקויף מיר דיינע יודען. איך וועל געבען פֿאַר זיי אַזויפֿיל און אַזויפֿיל מיליאָן.

— הונדערט טויזענט, האָב איך געהערט, הונדערט טויזענט מיליאָן! — פֿאַלט רבי יוסיל ווייטער אין די רייד אַריין. געמיינט דערמיט נישט אַזוי די סומע געלד ווי אַרויסצו־ווייזען דאָ דעם עולם, אַז ער ווייסט אויך וואָס טהוט זיך אויף דער וועלט, נישט ערגער פֿון אַנדערע.

— מילא וואָס מאַכט עס אויס — טהוט רבי בער אַ זאָג פֿער־דרעהענדיג מיט דער נאָז און דערצעהלט ווייטער — מהיכא־תיתי; ענטפֿערט דער מלכות בקיצור, מען מאַכט באַלד טאַקי אַ תקיעת־כף און מאָנטיפֿיורע גיט דערווייל אַיין אַדעראויף.

— חלילה, הונדערט טויזענט מיליאָן באַלד טאַקי, באַלד במזומנים — צעשאָקעלט זיך רבי יוסיל ווי ביי׳ם שפּאַרען זיך מיט עמיצין איבער אַ שטיקעל גמרא.

— אי, זייט־זשע מוחל, רבי יוסיל, שאַ! בעטען איהם אַלע מחילה, ער זאָל שווייגען.

— בקיצור ער גיט דערווייל איין אַדעראויף — דערצעהלט רבי בער ווייטער, רוהיג געלאַסען, נישט מאַכענדיג זיך אויס רבי יוסיל׳ס רייד — והמותר איז ער זיך מתחייב סילק׳ן צום טערמין ביים נעהמען די ס ח ו ר ה — די יודען הייסט עס. דערמיט איז מען זיך צוגאַנגען, זיי געזונד — פֿאָהר געזונד! נאָך אָנבייסען געהט זיך דער מלכות, ווי דער שטייגער איז, אין סענאַט און איז שטאַרק אויפֿגעראַמט. — אדוני מלך, פֿרעגט איהם דער מיניסטער, וואָס איז די מעשה, וואָס דו ביסט היינט עפּיס אַזוי אויפֿגעראַמט? — אַזוי און אַזוי, ענטפֿערט דער מלכות מיט אַ שמייכעלע, געמאַכט אַ געשעפֿטיל, פֿאַר אַזויפֿיל און אַזויפֿיל פֿאַרקויפֿט היינט מיינע יודעליך. — אדוני מלך! טהוט זיך אַ חאַפּ דער מיניסטער זעהר דערשראָקען, וואָס האָסט־דו. געטהון? ס׳איז אַ מקח טעות!... און באַלד טאַקי פֿיהרט ער איהם אַרויס פֿון די קאָנטאָרסקע ביכער אַ קלאָהרען חשבון, אַז דאָס פּראָצענט, וואָס אַזאַ ס ח ו ר ה — יודען הייסט עס, טראָגט אין אַ געוויסע צייט יאָהרען איין, טרעפֿט העט־העט מיט אַ שמיצעל אַריבער דעם מקח פֿאַר דער גאַנצער סחורה. — וואָס־זשע טהוט מען? מאַכט דער מלך. גערעדט איז דאָך גערעדט און פֿון אַ מלכות אַ וואָרט איז דאָך אַ גזרה. אדרבה זאָג, האָסט דאָך אַ קאָפּ פֿון אַ מיניסטער, פֿאַל עפּיס אויף אַ הסברה. — אדוני מלך! רופֿט זיך דער מיניסטער אָן, נאָכדעם ווי ער האָט אַ ווייל׳ע געטראַכט, ס׳איז דאָ איין עצה, גיב אַרויס אַ בעפֿעהל, אָבער טאַקי באַלד, יודען זאָלען זיך אָנטהון דייטש. גראַם־שטראַם! מאַכט דער מלכות, וואָס איז שייך דאָס דערמיט? — ס׳איז רעכט! זאָגט דער מיניסטער האַלב עפּיס אויפֿ׳ן ווינק — ווי באַלד דייטש, איז דאָך שוין, פֿערשטעהסט־דו מיך, גאָר עפּיס אַנדערש... מיט דיר איז דאָך נענוג אויפֿ׳ן ווינק. — אַ־אַ, שכל׳דיג! גיט זיך דער מלכות אַ האַפּ, דו ביסט ווערטה פֿאַר דער עצה אַ גילדענעם מעדיאַל. — הערט־זשע רבותי, דעם שפּיץ — מאַכט רבי בער, נעהמענדיג זיך אויסרייניגען מיט אַ דרעטעלע דאָס פּיפּקעלע פֿונ׳ם אַש — אַקוראַט צו׳ם טערמין קומט מסתמא מאָנטיפֿיורע...

— ניין, נישט אַזוי, ער קומט נישט, ער לאָזט פֿריהער מעלדען — קען זיך רבי יוסיל נישט איינהאַלטען, צעשאָקעלט זיך און פֿאַלט ווידער אריין און די רייד.

— שאַ, זייט־זשע מוחל! האַלט זיך איין אַ ווייל׳ע און שלאָגט נישט איבער, רבי יוסיל! — בעט דער עולם, וואָס איז זעהר ציקאַווע צוהערען דעם סוף — נו, רבי בער, נו־נו!

— קומט ער, הייסט עס — הייבט רבי בער אָן ווייטער דעם שמיעס, ציהענדיג די ווערטער ווי יענעם אויף צולהכעיס און שמאָכענדיג פֿאַר הנאה — קומט ער, אַזוי ווי איך זאָג אייך דאָ, צו׳ם טערמין און מאַכט כהאי לישנא: אדוני מלך! נאַ דאָס מותר געלד און לאָמיך, כפי השליש־צעטיל, נעהמען די ס ח ו ר ה — יודען הייסט עס. — אָך! מאַכט דער מלכות, מהיכא־תיתי.. געה דיר, זיי מוחל, און וואו דו וועסט דערזעהן אַ יודען נעהם דיר איהם, בשם אלהי ישראל, די סחורה דיינע.. מאָנטיפֿיורע לאָזט זיך לאַנג נישט בעטען און געהט. ער געהט אין איין שטאָדט — נישטאָ, נאָך אין אַ שטאָדט — נישטאָ. בקיצור אין ברדיטשוב — אויך נישטאָ. קיין סימן אפילו נישט פֿון אַ יודען. אַלע יודען זענען אָנגעטהון דייטש — דייטשען!

— אָוואַ, אָוואַ! — מאַכט דער עולם פֿערוואונדערט — אַזוי, זאָגט איהר, אַזוי שמיעסט די וועלט!

— עט! — מאַכט רבי חיים מיט אַ שמייכעלע — נישט תמיד איז אמת וואָס טראָגט זיך אַרום אין דער וועלט. ס׳איז זיך אַ מימרא...

— אַזוי צו אַזוי, דערווייל איז שפּל — זאָגט דער עולם מיט אַ קרעכץ — די גזרה איז דאָך טאַקי אַ גזרה! מילא די קאַפּאָטע יאַק קאַפּאָטע, וועט מען אין איהר מאַכען אַ האַק, דער גוטער יאָהר וועט זי נישט נעהמען מיט. אַ שפּאַלט פֿון הונטען אויך, אָבער אַ קאַרטוז — רבונו־של־עולם אַ קאַרטוז!... רבי חיים, פֿאַלט עפּיס אויף איין עצה, האַ, וואָס טראַכט איהר, רבי חיים?

— איך טראַכט — ענטפֿערט רבי חיים נאָך עטליכע מינוט שווייגען, רייבענדיג זיך דעם שטערען — איך טראַכט, וואָס פֿאַרט האָבען אין אַ נויט די חכמים מיט זייער חכמה נישט געמאַכט. מע טאָר אַ שטייגער שבת נישט טראָגען, נאַ, ציה איבער אַ שנירעל און טראָג. מען טאָר גיישט נעהמען פּראָצענט, נאַ דיר אַ היתר־עסקא און נעהם! — ס׳איז דאָ אַיין עצה, יודישע קינדער! זאָגט מיר, רבותי, וואָס איז אַזוינס אַ קלאַפּאָווע היטעל (אַ חצי־שבת׳ל)?

— וואָס הייסט? — וואונדערען זיך אַלע אין איין קול — אַ יודיש קלאַפּאָווע היטעל איז אַ קלאַפּאָווע היטעל, אַ וואָכענדיג היטעל מיט קלאַפּען! פֿון ביידע זייטען האָט עס אויפֿגעשטעלטע, מיט קליאַטשע אָנגעשטאָפּטע קלאַפּען, פֿון רויכוואַרג, פֿערשטעהט זיך, און פֿאָרענט איז עס בעליינט, פֿון איין קלאַפּען צום אַנדערן, מיט אַ שמאָל שטיקעל רויכוואַרג, גוט צוגענעהט אונטען, אויך צום ווערכיל אויבען. ווער ווייסט עס דען נישט אַ יודיש קלאַפּאָווע היטעל?!

— מילא — שמייכעלט רבי חיים מיט אַ קנייטשעלע — מה רעש? וועט יעניץ שטיקעל וואָס פֿאָרענט, נישט צוגענעהט זיין צו׳ם ווערכיל נור מיט דער אונטערסטער זייט אַליין, אַזוי אַז עס זאָל זיך קענען אָפּלעגען: וויל מען איז דאָס ווי היינט אַ היטעל, כשר יודישליך, וויל מען לענט מען עס אָפּ, קומט עס אויס אַ דאַשיק, איז מען יוצא לכל הדעות און פּטור. און וואָס קען מען צו אַ יודען מיט אַזאַ היטעל האָבען? — אַ דייטש!...

— טאַקי וואו תורה דאָרט הכמה. מאריך ימים ושנים זאָלט איהר, רבי חיים, זיין! — זאָגט דער עולם גאַניץ צופֿרידען, אָנווינשענדיג איהם אַ פֿולען קאָפּ.

דאס דאזיגע מין היטעל מיט דעם אפגעלעגטען דאשיק איז דערנאך אנגענומען געווארען בכל תפוצות ישראל און גילט נאך עד היום ביי אלע פֿרומע יודען דארט אונטער דעם נאמען „נאפאלעאנקע". די וועלט אבער בעדארף וויסען אז נולד איז דאס היטעל געווארען אין דעם שטעדטיל ק... און אין דער היסטאריע בעדארף עס שטעהן פֿערשריבען אויף דעם נאמען ר' חיים'ס, דער ערשטער, וואס האט עס ממציא געווען. — נאפאלעאן, מעגליך, האט געטראגען פֿון אזא פֿאסאן א היטעל, גאנץ זיכער אבער, מען מעג שווערען, אז רבי חיים האט מיט נאפאלעאנען זיך כלל נישט אנגעגעהרט און קיינמאל זיין היטעל אפילו אין די אויגען נישט געזעהן.

צו רבי חיים'ן פֿלעגט מען אנקומען אויך בשעת נישט־דא־געדאכט עפּיס א קראנקהייט. קיין דאקטאר אין שטעדטיל איז נישט געווען, הוין א רופא וואס האט מעהר נישט געוואוסט ווי שלאגען צו דער אדער, שטעלען פּיאווקעס, באנקעס, אויך גאלען און שערען. ווי באלד עפּיס א שלאפֿקייט, האט זיך געוויזען דער רופא מיט דעם גאנצען קליפּערגעצייג און געארבייט אויף אלע כלים: צוקאראדאשעט ריק אונד לענד, האלז און גניק, צו־ווינשענדיג דערנאך עפּיס אויף דייטשרעס, „צו־געגעזוונג!" און אז די ברכה זיינע האט נאך אלע מיטעל נישט געהאלפֿען, דעם קראנקען איז נאך געווארען ערגער, פֿלעגט מען קומען מיט א געבעט צו רבי חיים'ן, ער זאל מוחל זיין געהן, דעם חולה „צובעטראכטען" — און רבי חיים, וואס האט ער געקענט טהון, איז געגאנגען בעטראכטען. בייס עולם איז איינגערעדט געווען, אז רבי חיים איז א מעטער, א גרויסער מבין אין דאקטאריע. ער אליין ווידער האט זיך געהאלטען טאקי דרינען פֿאר א שטיקעל מבין. פֿון וואנען האט אזוינס צו איהם זיך גענומען? דארויף איז דא א טעם. רבי חיים אליין איז בטבע געווען א שוואכער, א שלאפֿער מענש. הוין דער יודישער קראנקהייט „מערידין", א ירושה פֿון די עלטערען, האבען איהם אין לעבען נישט אויסגעלאזט נאך אנדערע מיני וועהטיגען: שטעכעניש אין די קריזשעס, א שפּארעניש אונטערן לעפּעלע, קוועטשעניש, מאדטקייט אין די גלידער, וואס היינט הייסט עס עפּיס „נערוועז" איבער וועלכע ער האט א מאל, ביי א געלעגענהייט, זיך מישב געווען מיט גרויסע דאקטוירים ערגיין, און צו'ם גרעסטען טהייל אבער זיך נישט וויסענדיג געמאכט — עט, גארנישט א מיהוש, עס וועט אזוי זיך איבערגעהן. איינמאל אבער איז ער טאקי שטארק פֿערשלאפֿט געווארען, בעקומען א היציגע קראנקהייט עפּיס, אזוי אז מען האט צו איהם עטליכע מאל אראבגעבראכט א גרויסען דאקטאר פֿון דער סביבה, דאכט זיך דעם שלאס־דאקטאר, וואס ביי'ם דוכס, אליין, און דאס אויסגעהען זיך זיינס פֿון דער קראנקהייט איז געווען בעשיינפּערליך א וואונדער ווי פֿון טויט לעבעדיג. דאס אלסדינג האט געמאכט רבי חיים'ן פֿאר א גע־ניטען, איהם געגעבען דאס רעכט א מבין צו זיין אויף קריינק, שוין נישט צו ריידען פֿון רפואה־ביכליך פֿאר'ן פֿאלק, אין וועלכע ער פֿלעגט אריינקוקען, פֿון אלע רעצעפּטען, וואס האבען מיט דער צייט ביי איהם זיך אנגעקליבען. פֿרעגט נישט, זאגט מען, דעם דאקטאר, פֿרעגט דעם קראנקען, — און קראנק איז דאך רבי חיים אין זיין לעבען פֿיעל מאל געווען, און באמת טאקי פֿאר וואס זאל דאקטאריע ערגער זיין פֿון אדוואקאטסווא, א שטייגער? אין יענער שטאדט, נישט ווייט פֿון ק... איז דא א רבי אהרן, דוקא נישט אזא למדן, אין די שקאלעס ערגיין נישט געלערענט, פֿון דעסטוועגען גילט ער אין דער סביבה פֿאר א „זאקאנשטשיק" גאר א מורא! ביי עפּיס א קרעטציל, א מיאוסען עסק, ווענדעט מען זיך צו איהם, נאר טאקי דערפֿאר אליין, וואס ער, רבי אהרן, איז אין זיין לעבען אין פֿיעל תפיסות איבער־געזעסען, פֿאר בלבולים אין גנבות, פֿאר פֿאלשע מסירות וכדומה נאך בלבולים אזעלכע בעהיט זאל מען ווערען, און איהם איז אויסגעקומען דורכדעם גוט בעקאנט צו־ווערען מיט „נאטשאלסטווא", ווייסט די אלע גיינג, וואס מען האט צו טוהן, וואס צו שרייבען, וואס צו ריידען מיט אלע דרעהדליך, שפּיטצליך און אבשניטצליך.

רבי חיים אבער איז געווען א דאקטאר נאר צו געוויסע קריינק, פֿון וועלכע מען קען חלילה ליגען, אדער מען ליגט שוין טאקי אין בעט, קיין כח נישט האבענדיג זיך צוריהרען. צו אנדערע, גלאט אזוי זיך ווערהטיגען זענען שוין געווען אנדערע אין שטעדטיל, וואס האבען גע־טויגט איטליכער צו זיין זאך. אויגען־וועהטיג, א שטייגער, דארויף איז געווען א רבי פֿישיל. ער האט געהאט בסוד עפּיס א וועסעריל, פֿון וועלכעס ער פֿלעגט געבען עטליכע טראפּענס אויף א רפואה, אימזיסט, נאר פֿון מצוה וועגען. צו מאגערקייט, אויסדארעניש האט פּעטרוכא, די אלטע גויע געגעבען עפּיס מיני קרייטעכצער אזוינע. צו דער ניכפּה, צו א מאנקאליע, א רוישען אין קאפּ — דארויף איז געווען א מייסטער יאש דער טאטער. אויף איין עין־הרע אפּשפּרעכען, ציינוועהטיג פֿארריידען, גיסען וואקס, מיט אייער אויסקויקלען — דערצו איז געווען איין בריה גיטעל די זאגערין, און צו קדחת, מאיאווע אדער קדחת־רביעית, פֿלעגט זעהר גוט העלפֿען דער מלמד ליפּא ראובן'ס וואס איז באמת געווען א גריילעכער (זעלטענער) מענש, נישטא, האט עס געהייסען, ווייט אין דער וועלט צוזוכען, זיין גלייכען.

---

## וואס קען טהון דאס פֿאלק?

שוין באלד 20 יאהר רעדען אונזערע שרייבער צום פֿאלק וועגען ציון, און דאס פֿאלק האט זיי מעהר אדער וויינער פֿערשטאנען. דאס פֿאלק פֿיהלט, אז עס איז איהם שלעכט און ביטער. יעדער פּשוט'ר יוד ליידט פֿון דעם, וואס אלע ארומע לייט ביי אלע פֿעלקער ליידען, פֿון דאגת־פּרנסה, און ער ליידט נאך אחוץ דורך דעם, וואס ער איז א יוד. דאס פֿאלק האט אויך פֿערשטאנען, אז זיין יודישקייט, וואס ער איז איהר טריי געבליעבען אכטצעהן הונדערט יאהר פֿון צרות, וואס ער האט זיך געלאזען ברענען און פּייניגען פֿון איהרעט וועגען, איז אין סכנה, אין גרויס געפֿאהר. אלע זעהען, ווי אונזערע קינדער דערווייטערען זיך פֿון זייער פֿאלק, פֿון זיין אמונה, זיין שפּראכע און זיינע האפֿנונגען. דאס פֿאלק האט אנגעהויבען צו פֿערשטעהן, אז עס קען ווייטער אזוי ניט געהן: די צרות זענען צו גרויס און דאס יודישקייט געהט צו גרונד. און אז מען האט איהם געוויזען א נייעם וועג, אז מען האט איהם געזאגט: די יודען מוזען זיך אומקעהרען אין זייער לאנד, דארט מאכען קאלאניעס, דארט אויפֿהערען צו זיין מעקלערס שווינדלערס, ווינדמענשען, האבען אלע עס גוט פֿערשטאנען. מען האט אויך פֿערשטאנען, אז די נייע קאלאניעס קענען מיט דער צייט, ווען זיי וועלען ווערען פֿיעל און גרויס, זיין א אנהייב צו דער גאולה. א שטיק ישועה פֿאר דעם איינציגען מענשען, פֿאר די איינגע טויזענד קאלאניסטען, וואס זענען שוין יעצט אין ארץ־ישראל, איז דאס געוויס. און אחוץ דעם האט מען דאך דארט געמאכט שולען, וואו די קינדער לערנען אלעס אויף העברעאיש, וואו די בענייעטע נביאים־שפּראכע ווערט געהערט פֿון הונדערטער קינדער, וואס אונזערע אלטע שפּראכען איז ביי זיי געווארען א יונגע מוטער־שפּראך. יעדער האט געקענט פֿערשטעהן, אז אזוינע קינדער קענען שוין ניט פֿערגעסען זייער פֿאלק, זיינע נביאים און זיינע האפֿענונגען און פֿון זיי קען מיט דער צייט אויפֿגעריכט ווערען דאס גאנצע פֿאלק.

דאס פֿאלק האט דאס אלעס פֿערשטאנען, ווארום עס איז אונמעגליך, דאס ניט צו פֿערשטעהן. מען האט ניט גערעדט פֿון חלומות, נאר פֿון זאכען, וואס זענען שוין געטהון געווארען, וואס יעדער האט זיי געקענט זעהן מיט די אויגען. אלע ווייסען, אז פֿון ארץ־ישראל, פֿון אונזערע יודישע קאלאניעס, האבען די חברות „כרמל" אין רוסלאנד און אויסלאנד געבראכט און פֿערקויפֿט טויזענדער פֿעסער ווין; אלע האבען געהערט וועגען דעם „בית־הספר" (שולע) אין יפו, וואו מען לערנט אלעס, אויך פֿרעמדע שפּראכען און קענטניסען, אויף לשון־קודש, און די קינדער רעדען העברעאיש אין דער שולע און צווישען זיך. האט דען געקענט איין יודיש הארץ בלייבען קאלט צו אזוינע גרויסע זאכען?

און דאך האט דאס פֿאלק ווייניג געטהון אין דעם ענין פֿון בעזעטצען אונזער לאנד און שטארקען דאס יודישקייט דורך קאלאניעס און שולען: דאס פֿאלק האט ניט געגלויבט, אז דורך אזוינע זאכען קען א מאל קומען די ישועה אויף יודען. די פּשוטע יודען האבען געזעהן,

אז די ציוניסטען (אדער „חובבי־ציון", ווי מען האט זיי פריהער גערופען) זענען אזוי וויניג און האבען ניט פערשטאנען, אז ווען זיי זאלען העלפען די ציוניסטען, וועלען זיי שוין ניט וויניג זיין. דאס איז געוועזען פון לאנג אן דאס אומגליק פונ'ם יודישען פאלק, וואס עס האט זיך תמיד פערלאזט אויף די „גרויסע", אויף זיינע פיהרערס און גבירים, און אליין האט דאס פאלק גאר ניט געטהון פאר זיך. עס האט ניט פערשטאנען, אז א גאנץ פאלק, אפילו אזוי ארום ווי אונזער המון־עס, איז אויך רייכער פון די איינציגע גבירים, איז אויך שטארקער און גרעסער פון זיי. אונזער פאלק האט געווארט אויף די גרויסע און די שטארקע, אויף די רייכע און בעריהמטע לייט.

און די גרויסע און די שטארקע האבען זיך געפונען. אונזער רעיון (אידעע) איז אזוי גרויס, אז ער האט באשאפען, ארויסגערופען אי בעריהמטע, אי רייכע מענשען, באנקירען און חכמים. יעדער יוד וויים וואס און ווענען מיר האבען געהאט אויף ביידע באזעלער קאנגרעסען. עס האט דארט ניט געפעהלט קיין איינציגער טהייל פון אונזער פאלק, קיין איינציגער קלאס יודען: ארום און רייך, פרום און פריי, רבנים און פראפעסארען — אלע זענען זיך צוזאמענגעקומען, אום צו העלפען אונזער פאלק.

און דאס פאלק אליין? וואס טהון אונזערע מיליאנען יודען, וואס זענען ניט רייך, ניט בעריהמט, אבער וואס קענען דאך אויך עטוואס טהון?

יא, זיי טהוען. זיי רעדען מכח „פאליטיק", פון הערצל און נארדוי, דעם „תוגר" און דעם „דייטש"; דער זאגט זיין בויך־סברא, וואס דער סולטאן האט בדעה צו טהון, און דער אנדערער שרייעט, אז מען איז „דוחק את הקץ", מען וויל ברענגען משיח'ן פאר דער צייט... אמאל געהען יודען אויך הערען, וואס עס טהוט זיך אין ציוניסטישע חברות, מען קומט און דערצעהלט, אז דער און דער האט וואויל געדרשנ'ט (וואס געדרשנ'ט וויים מען ניט), און אויף מארגען פערגעסט מען נאטירליך אלעס...

אט דאס טהוט דאס פאלק! איז דאס גענוג? האט שוין באמת דאס פאלק גאר ניט מעהר צו טהון, א חוץ שמיעסען מכח פאליטיק?

אין דעם איז אונזער גאנצער אומגליק. דאס פאלק האט זעהר פיעל צו טהון און טהוט גאר ניט, נאך ערגער פון גאר ניט, ווייל דורך די פאליטישע פלוידערייען ווערען די מוחות פערדרעהט און דער יוד וויים שוין גאר ניט, אויף וואס פאר א וועלט ער איז.

לאמיר נאר זעהען, אלעס איז פאר'ן פאלק, מען וויל איהם העלפען, אבער קען מען דען העלפען א מענשען, וואס פריווט זיך ניט אליין צו העלפען?

ניין! א מענש, וואס זעהט ניט, זיך צו העלפען, איז א טוידטער מענש און פרעמדע הילף קען גאר ניט מאכען.

יא, ווי שרעקליך דאס איז, אזא ווארט ארויסצורעדען, מיר זענען א טוידט פאלק, אויב ניט גאנץ טוידט, איז האלב־טוידט. א קליינער טהייל פון אונזער פאלק, ריהרט זיך, ארבייט מיט אלע כוחות, זוכט עטוואס צו טהון, כדי דאס גאנצע פאלק זאל לעבעדיג ווערען, און דער אנדערער גרויסער טהייל ליעגט רוהיג און ווייזט ניט קיין צייכען פון אמת'ן לעבען.

איך האב געזאגט „צייכען פון אמת'ן לעבען", ווייל צייכען פון נישט אמת'ן לעבען זעהען מיר אין דער יודישער גאס נאך זעהר פיעל, נאך צופיעל. דער יוד האנדעלט, שווינדעלט, הארעוועט, עס איז א לעבען, עס טהוט זיך, עס רעש'ט זיך, און וואס האט ער דערפון? ניט די וועלט, ניט י ע נ ע וועלט. א יוד איז דאכט זיך, א גרויסער בעל־גאוה: פריווט איהם אנרידרען זיין „האנאר", פריווט איהם געבען איין עליה אדער הקפה ניט נאך זיין כבוד —, דענסטמאל איז ער גרייט צו שלאגען זיך אפילו אין א „מקום קדוש", צו שיקען פאסקווילען און געבען מסירות אויף א יודען, יענעם רודפ'ן, בערעדען... און אז מען טרעט איהם מיט די פיס שוין אכטצעהן הונדערט יאהר, קושט ער נאך די פיס, וואס טרעטען איהם און טהוט נאך די פיהרונגען פון די, וואס קענען איהם ניט ליידען; אדער ער לאזט זיך שפייען אין פנים און זאגט: „וואס זאל מען טהון? מען איז דאך אין גלות!"

א מענש, וואס טהוט גאר ניט כדי עס זאל איהם בעסער ווערען, איז דאס א לעבעדיגער מענש, הייסט דאס געלעבט?

ביי א יודען איז זעהר טייער זיין כבוד; און דאך, אהרט עס ווענען עפיס, וואס דורך געוויסע סבות זענען מיר געווארען מעקלערס, פראצענטניקעס, ווינדמענשען? פערקעהרט, א מלוה איז נאך גאר א גרויסער פארנעהם און א בעל־מלאכה, וואס לעבט דורך כשר'ע הענדארבייט, איז גאר א חרפה. א „פויער", א „מוזשיק", דאס הייסט איין ערדארבייטער, ווי אונזערע עלטערן זענען געוועזען אין די נביאים'ס צייטען, איז די גרעסטע זיעדלעריי. יעדער יוד האלט זיך פאר א גרויסען חכם, האט ליעב צו זאגען א דעה, האט ליעב אין אלעמען צו געפינען פעהלערען, קיינעם געטרויט ער ניט, אויף יעדען רעדט ער. וואלט מען דאך געקענט מיינען, אז ביי אזא פאלק זענען אלע גרויסע טהוערס, אלע ארבייטען פאר כלל־זאכען? ניין. ר ע ד ע ן איבער יענעם, פעהלערען געפינען — יא, אבער טהון זאלען די „גרויסע", טהון זאל יענער, דער גביר (גרעסער פון א גביר איז ביי היינטיגע יודען ניטא...), און מיר — מיר וועלען זוכען פעהלער... איז דאס א רעכט אמת לעבען?

איז דאס א אמת לעבעדיג פאלק, ויאס אין דער צייט וואס ער וויינט אויף חורבן־בית־המקדש טראכט ער גאר ניט וועגען דעם, וואס מיר האבען פערלארען אונזער לאנד, אונזער פרייהייט?

איז דאס א אמת לעבעדיג פאלק, וואס זיין נאציאנאל־לשון —, די היסטארישע שפראכע, וואס האט אונז געדיענט טויזענדער יאהרען אין ליידען און פריידען, איז איהם טייער נור ווייל עס איז „לשון־קודש", א היילינע שפראכע?

איז דאס א לעבעדיג פאלק, וואס אז עס קומען קלוגע און העכסט געבילדעטע מענשען און זאגען איהם זאכען, וואס א קינד קען פערשטעהן, פרעגט ער פריהער פאר אלעס: וואו שטעהט עס?... און ווען אפילו די זאך איז איהם שוין קלאר און רעכט, טהוט ער אויך גאר ניט, לייגט ער אויך ניט, ווי מען זאגט, קיין פינגער אין קאלטע וואסער, ווען ער זעהט ניט אין דעם עפיס א עסק פאר זיך, אפילו ווען דער ענין איז גרויס און וויכטיג פאר כלל־ישראל, פאר'ן גאנצען פאלק...

אט דאס אלעס פעהלט אונזער פאלק און דעם צו העלפען קען נור דאס פאלק אליין. א חוץ איהם קען עס קיינער נישט. דער תנא הלל הזקן זאגט: „אם אין אני לי מי לי?" (ווען איך וועל ניט טהון פאר מיר, ווער וועט פאר מיר טהון?). נאר דאס פאלק אליין קען זיך העלפען.

ע ר ש ט ע נ ס איז יעדער יוד מחויב צו נעהמען א טהייל אין ציוניסטישע זאכען, וואס אין זיי ליעגט איצט אלעס, וואס עס קען העלפען דעם גאנצען יודישען פאלק. יעדער יוד איז מחויב צו זיין מיטגליעד אין א ציוניסטישע חברה, און דורך דעם וועט ער פיהלען, אז ער געהערט צו דער גרויסער בעוועגונג, וועלכע הייסט „ציוניזמוס" און וואס וויל ארום זיך זאמלען אלע יודען אין אלע לענדער און פון אלע קלאסען. אלס ציוניסט האט ער צו צאהלען זיין שקל, דאס איז דער צייכען, אז ער געהערט צו אונזער בעוועגונג, אז ער איז איינער פון די, וואס ו ו י ל ע ן, מיר זאלען האבען א לאנד.

יעדער יוד קען אויך קויפען צום וויינינגסטען איין אקציע, וואס קאסט נאר 10 רובעל אויף אויסצוצאהלען, פון דעם „יודישען נאציאנאל־באנק", וואס עפענט זיך אין לאנדאן און וואס וועט זיין אויף צו קויפען ערד אין ארץ־ישראל און אויף אנדערע ציוניסטישע ציעלען. עס איז זעהר מעגליך, אז די באנק וועט געבען יעדען אקציאנער גוטען רוח (דיווידענד), אבער דער יוד, וואס קויפט איין אקציע, דארף וועגען דעם ניט טראכטען. ער דארף זיין געלד רעכענען פאר א קרבן פאר דער פאלקזאכע, לטובת הכלל.

אויך דעם אדעסער קאמיטעט, וואס די רוסישע רעגיערונג האט ערלויבט שוין באלד 10 יאהר, מוז יעדער רוסישער ציוניסט שטיטצען. דער קאמיטעט העלפט און פערגרעסערט די אלטע קאלאניעס, בעזעטצט

די פועלים אין נייע קאָלאָניעס, און דארום העלפט יעדער מיטגליעד פון קאָמיטעט אויסצובויען א טהייל פון ארץ־ישראל.

דאָס אַלעס דארף א ציוניסט טהון פאַר אונזער פאָלקס־זאַכע.

צווייטענס, אונזער פאָלק האָט פערלאָרען דאס געפיהל פון דעם אמת'ן געזונדען לעבען. דער ציוניזמוס וויל עס איהם צוריקגעבען, ער זאָל קענען לעבען ווי אַ געזונד, אַ פריי, אַ נאַטירליך פאָלק אין דעם אייגענעם לאַנד. מיר ווילען אונזער פאָלק זאָל זיין געזונד און שטאַרק אין זיין גוף און אין זיין נשמה, קען אָבער א פאָלק געזונד און פריי ווערען, ווען עס האָט אַזוינע שלעכטע מדות ווי שווינדלען, מסר'ן, נישט פאָלגען קיין עלטערע, יענעם בערעדען און נאָך פיעל אַזוינע פעהלערען פונ'ם גלות, וואָס לאָזען אונז ניט לעבען ווי יעדער לעבעדיג פאָלק און וואָס אין אייגען לאַנד וועלען זיי אַלעס צעשטערען, וואָס אונזערע בעסערע מענשען וועלען אויפבויען? פון דעם אַלעם מוז יעדער יוד זעהען ריין צו ווערען, אונזערע פאָלקס־שרייבער מוזען דעם פאָלק קלאָר מאַכען, ווי שלעכט און שעדליך זענען אַזעלכע פעהלערען, און יעדער אַלס מענש און אַלס יוד מוז ווירקען אויף זיינע קינדער, אויף זיינע בעקאַנטע און פריינד, אַז זיי זאָלען בעסער ווערען אין זייער כאַראַקטער און פיינער ווערען אין זייער באַגעהען זיך מיט מענשען. דורך די חברות מוז זיך יעדער יוד געוואָהנען צו פאָלגען איין עלטערען, אויסצוהערען אַ פרעמדע מיינונג, מודה זיין אויף איין אמת און ניט אַלעס שטעלען אויף זיך. אויך מוז דאָס פאָלק זיך בילדען, זיך געוואוינען צו לעזען אַ צייטונג, אַ ביכיל, כדי עס זאָל איבערהויפט מעהר וויסען, וואָס עס טהוט זיך אויף דער וועלט און פערשטעהן יעדער זאַך קלאָר.

דריטענס, אונזער פאָלק האָט פערלאָרען דעם נאַציאָנאַלען געפיהל, דאס געפיהל פאַר דעם גליק פון כלל־ישראל. עס האָט אויפגעהערט צו פיהלען, אַז עס דארף זיין טייער ניט נור דער בית־המקדש, נאָר אויך דאָס יודישע לאַנד, נישט נור „לשון־קודש", נאָר אויך די העברעאישע שפראַך, נישט נור די אַלטע חכמים, נאָר אויך די גרויסע שרייבער פון די נייע צייטען. דאָס יודישע פאָלק האָט פערגעסען זיין גרויסאַרטיגע היסטאָריע, ווייס ניט, וויפיעל בלוט אונזערע עלטערן האָבען פערגאָסען פאַר זייער לאַנד און פאַר יודישער אמונה, ווייס ניט, אז מיר האָבען געהאַט גרויסע משוררים ווי ר' יהודה הלוי, וואָס נאך כמעט 800 יאָהר צוריק האָט ער געחלומ'ט, אז ארץ־ישראל ווערט אויפגעריכט און בעלעבט, און דאָס איז געווען זיין טרייסט און זיין גליק...

דאַרום מוז יעדער יוד אַליין לערנען אָדער צום וועניגסטען זעהען, אז זיינע קינדער זאָלען לערנען העברעאיש און קענען אונזער היסטאָריע, אונזערע נייע גרויסע שרייבערס און פאָעטען. דאָס דאַרפען קענען נישט נור אונזערע זיהן, נאָר אויך אונזערע טעכטער, וואָרום נור די מוטער קענען איינפלאַנצען אין איהרע קינדער ליעבע צו אונזער פאָלק, צו אונזערע גרויסע מענשען און צו אונזערע האָפנונגען פון קינדווייז אויף. מיר דאַרפען זעהן צו מאַכען בעסערע חדרים און שולען, וואו מען וועט ערנען העברעאיש ווי עס דארף צו זיין.

אויך דארף יעדער יוד שטיטצען דעם „בית־הספר" (שולע) אין יפו, וואו אַלעס ווערט געלערנט העברעאיש און וועלכער איז דער ערשטער אָנהייב צו אויפלעבען אונזערע אַלטע פאָלקס־שפראַכע און זי צו מאַכען פאַר אַ נייע שפראַכע פאַר אַלע יודען.

אָט דאַס איז אַלעס, וואָס מען וויל פונ'ם פאָלק: ער זאָל וועלען אויסגעלעזט ווערען, זאָל עפּיס טהון דערצו אַלס יוד און ציוניסט און זאָל בעסער ווערען אַלס מענש און יוד. ניט יעדער יוד קען טהון אַלעס צוזאַמען, נאָר אַ טהייל פון דעם קען יעדער טהון. די הויפטזאַך איז, אַז יעדער יוד זאָל פיהלען, אַז ער איז אַ טהייל פונ'ם גאַנצען פאָלק, און נאָר אַז דאָס גאַנצע פאָלק וועט זיין גליקליך, וועט איהם אויך זיין בעסער און אַז ער דער איינצעלנער יוד, וועט ווערען בעסער, וועט דאָס פאָלק גיכער קענען פריי און לעבעדיג ווערען.

„בויעט אייך ציון אין אייער האַרצען, וועט איהר האָבען ציון אַלס לאַנד" — האָט געזאָגט מאַקס נאָרדוי. „דאָס אויפלעבונג פונ'ם פאָלק ישראל איז שווערער, ווי דאָס אויפלעבונג פון ארץ־ישראל" — האָט געזאָגט „אחד העם". „נור אונזער פאָלק אַליין קען זיך אַליין בעפרייען" — האָט געזאָגט הערצל.

אַלע דריי גרויסע ציוניסטען, וואָס האָבען פערשיעדענע מיינונגען וועגען ציוניזמוס, האַבען איין מיינונג וועגען דעם וואָס מען דארף פערלאַנגען פונ'ם פאָלק: ער זאָל וועלען האָבען אַ לאַנד און וועלען זיין ווערטה צו האָבען אַ לאַנד.

י—ף ק—ר.

# בילדער

## פון קליינשטעדטישען, יודיש-פולישען לעבען

פון י. ל. פרץ.

### א. אייזיק'ל שָחֵט.

#### 2) א טְרוּקֶענֶע לְוָיָה.

אַ לויה האָט אַביגדור'ל געהאַט גאָר אַ זעלטענע, קינד און קייט!

דאָך איז זי געווען, איך קען מיך אַנדערש נישט אויסדריקען — א טרוקענע לויה! עס איז קיין אלמנה, קיין יתומה נישט געבליבען. עס איז נישט דאָ פאַר די ווייבער אין וואָס זיך אָנצוהאַפען, מען חלש'ט נישט, עס וויינט זיך אפילו נישט! דער אָרימער יתום ווייסט נאָך אפילו נישט, וואָס א קבר איז, וואָס געשטאָרבען הייסט; ער איז מעהר דערשראָקען, ווי פערוויינט! די ווייבער האָבען זיך דעריבער נישט אין וואָס אָנצוהאַלטען. אַז איינע דערמאַנט זיך גראַד אין איהר אייגענס א ברענעדיגע צרה און לאָזט אַרויס אַ קול, בלייבט עס ווי הענגען אין דער לופטען, קיינער האַפט נישט אונטער, ציהט נישט ווייטער, עס ווערט ווי פערגליווערט, ווי דערשטיקט. —

די ווייבער זענען דעריבער באַלד אָבגעשטאַנען.

יונה באָץ, דער גבאי פון חברה נושאים פון היינטיגען חודש, האָט עס בעמערקט, און נאָכגעשריגען:

— אַהיים, נשים, אַהיים! אַ לויה אָהן געוויין, איז ווי אַ חתונה אָהן כלי־זמר, נישט פאַר אייך געדאַכט!

די ווייבער שעלטען דען „לאַנגען יונה" פון ווייטען, נאָר זיי טרעטען אב.

די מענער האַלטען אויך נישט לאַנג פלאַץ.

פעריאָנטע קרעמער און אַזוי עלטערע און שוואַכע בעלי־בתים, געהען נור צו, יעדער ביז אין זיין עק גאַס, אַנדערע בעגלייטען די מטה ביז עק שטאָדט און שטעלען זיך אָב. וואו מען בלייבט שטעהן, קלאָפט מען אָן אין דער ערשטער בעסטער שויב, און אין שטוב ווייסט מען שוין, וואָס דאָס קלאָפען בעטייט, באַלד בעווייזט זיך עמיצער מיט אַ קוואָרט וואסער צו וואַשען די הענד, דער עולם בעגיעסט די נעגעל, קרעכצט אָב, זאָגט וואָס מען דאַרף, און געהט זיך זיין וועג, אַהיים צי אין געשעפט אַריין.

יונגע בעלי־בית'ליך, קעסט־עסער בני־תורה, וואָס האָבען ביי אַביגדור'לען געלערנט, אָדער נור אַמאָל מיט איהם פון תורה גערעדט, פיהרען די מטה אויס דער שטאָדט אַרויס. צום בית־עלמין זענען זיי דאָך נישט צוגעקומען. עס איז אַ שענער, ליכטיגער טאָג געווען, נעהמט מען זיך רעכטס צום טייכעל די הענד צו וואַשען: טהייל ווילען אַביסעל שפאַצירען אונטער דער שטאָדט; צוליעב דעם אַרויסגעהן לוינט זיך נישט, נאָר אַז מען איז שוין דאָ!... אַנדערע וועלען זיך שוין אין איינגהענס אָבבאָדען.

פערשיט דעם קבר, אונטערגעזאָגט דעם יתום דעם קדיש האָבען שוין נור עטליכע מלמדים; נאָר זיי יאָגען זיך צוריק אין די חדרים אַריין: די תלמידים האָבען שוין דאָרט געמוזט „די גאַנצע וועלט איבערקעהרען"...

דאָס ברעטיל מיט'ן „פה־נטמן", די מצבה אויף דערווייל, וואָס וועט שוין געוויס בלייבען אויף שטענדיג, שטעקט אין קבר אַריין יונה באָץ און שילט דערביי מיט טויטע קולות אַלע בעלי־בתים... די כוחות

האבען זיי איהם צוגענומען, דעם מארק פון די ביינער ארויסגעצויגען און אוועקגעוואָרפען ווי א שאל פון איין אויסגעפרעסטער לימאָנע...

די נושאים פערמאכען דאס בית־עלמין.—

אין שטאדט אריין איז א וויארסט ווערגס און די זון האלט שוין אין אונטערגעהן, מען וועט קומען צו מנחה און אפשר וועט נאך צייט זיין צו האפען א טרינק בראנפען; צו דער ארבייט וועט מען שוין זיך נישט זעטצען, געהט מען טריט ביי טריט און מען שעלט די בעלי־בתים פאר זייער אכזר'יש הארץ... נאר נישט נענען מלמדים אליין זענען די בעלי־בתים נישט יוצא, ווי אזוי בעהאנדלען זיי ארימע לייט בכלל און בעלי־מלאכות בפרט? באלד פערגעסט מען אינ'ם נפטר און מען געהט איבער צו לעבעדיגע צרות, ארימע לייט זענען אין חברה נושאים, בעלי־בתים שטעהען איבער זיי אין חברא־קדישא, די חברה נושאים ארבייטען צום טויט, די חברא־קדישא נעהמט צו דאס גאנצע געלד פאר די גבאים'ס קרובים, פאר עטליכע לײדיגגעהער, טעלער־לעקער... צי האט גאר א בעל־מלאכה א דעה אין שטאדט? ווער נעהמט אויף א חזן? בעלי־בתים! פרעג זיי בחרם צי איז עס א כשר'ער טרעל, צי א קרעה פון א האהן; פרעג זיי בחרם, וואס א „וואלאך" וואס א „יעלה" איז, און די טרעלבייכער נעהמען אויף חזנים! ווער מאכט שוחטים? בעלי־בתים — שמערל ראש הקהל, ימח שמו — דריי קרובים — דריי שוחטים! עס וואלט שוין אפילו צייט געוועזען צו מאכען א שטיקעל מרידה, איז פונקט א יקרות... יונה באין האט געוואלט שוין אנהייבען איינקויפען אויף דער סעודה, וואס הברה מאכט פון יאהר צו יאהר,— איז צו גאר נישט צו צוטרעטען... און אז עס איז יקרות, האט דער בעל־מלאכה קיין קוראזש נישט... פון דער סעודה קומט מען ארויף אויף דער פאריעהריגער און היינטיעהריגער קלפי, וואס געהט גאר נישט צו עהרליך, שטענדיג מוז זיין א שווינדעל א. ז. וו. ...

און דער ארימער יתום געהט נאך פון הינטען א פערגעסענער, א דערשראקענער... די אויגען זענען ארויסגעזעצט גרויס, דאס דארע פנימ'ל איז אין פאסען, פון די טרעהרען וואס האבען זיך געלאזט איבער די איינגעריכטע באקען... די ליפליך ציטערען איהם נאך פון פריהער־דיגען געוויין... ער פיהלט אפילו קיין הונגער נישט, חאטש ער האט נאך היינט אין זיין מויל נישט געהאט.

נאר קינדער קענען לאנג נישט טרויערען, עס מאכען אויף זיך אויפמערקזאם די שטיינער, וואס ליגען אין די זייטען פון שאסע, יעדעס שטיקעל ווערגס ליגט א שטיין אויף א קליין בערגעלע ערד, ארומגעברעמט מיט גראז; פון דער ווייטענס קוקט אויף איהם יעדער שטיין מיט א גרויס אויג, אז ער קומט צי נעהענטער, זעהט ער אז עס איז איין אויסגעמאהלטע ראד מיט א ציפער אין דער מיט. נאך וואס די שטיינער ניטצען איז ער נישט ציקאווע צו וויסען, נאר אריבערשפרינגען איבער אזא שטיין דארף מען פריווען. עס געראט איהם, און ער איילט זיך שוין אקעגען דעם צווייטען שטיין, איבער וועלכען ער שפרינגט נאך געשיקטער, ביז ער מיידעט אוים די נושאים.

— זעה נור, זעה, דעם יתום!

— נעביך, בארוויס! — בעמערקט יונה באין מיט א זיפין.

— מיינע האבען אויך קיין שטיוועליך נישט, ענטפערט העשעל היטעלמאכער.

— אבער טאטע מאמע האבען זיי — מאכט יונה באין.

— פהי! — פייפט אונטער בעריל דער צוקער־בעקער, דאס הייסט: אז טאטע־מאמע פערדיענען נישט העלפען זיי א סך!

דער אבענד פאלט צו און אונטערן הימעל בעוויזט זיך א ריהריוודיגע המארע שוואלבען, די לופט ווערט פול שוואלבען־לשון, פול גערויש פון פליגעל... א געשפיעלעריי, א געפיסקעריי, א געיעג! שפיעלענדיג לאזען זיך עטליכע שוואלבען אראב, אט רייסען זיך אב נאך עטליכע און מאכען משונה־קינציגע רעדער אליץ נידריגער און נידריגער... דער יתום בלייבט שטעהן מיט איין אפען מויל, קוקענדיג אויף די שוואלבען, אין א רגע ארום רייסען זיך איהם פון האלז ארויס משונה'נע טענער, ער וויל נאכמאכען דאס געשריי פון די פייגעליך, די פיסליך הייבען זיך, און טאנצען אונטער איהם, גלייך ער וויל זיי נאכפליהען, און ער קלאטשט מיט די הענדליך פאר גרויס שמחה, קוקענדיג אויף דער לוסטיגער באנדע אין דער לופט. פלוצלינג חאפט ער א פאר שטיינדליך און ציהלט זיך צו די שוואלבען, וואס לאזען זיך אמנידריגסטען אראב.

— ערשט נאך קדיש! — מאכט העשעל היטעלמאכער מיט א ברוגז קול — כדאי צו האבען און אויפציהאדיווען...

— וואס ווייסט א קינד? — מאכט יונה באין...

— איין ערשט געבוירען קאלב — מאכט העשעל — בלעקעט אויך אוועק א צייט נאך דער קוה...

— א קוה — מאכט דער צוקער־בעקער — איז א מאמע נישט א טאטע, און א יונגעל איז קיין קאלב נישט.

יונה באין רופט צו דעם יתום:

— קום נור אהער, שיינעציל!

ווי ווייך יונה באין'ס קול איז נישט געוועזען, איז דאך דער יתום פערציטערט געווארען. די פרייד, דער שמייכעל זענען איהם אראב פון פנימ'ל און אויף זייער ארט שטעהט שוין צוריק די שטומפיגע שרעק. נישט גערן געהט ער צו.

יונה באין נעהמט איהם ביי דער האנד.

— קום, יונגעלע... איך וועל דיך אהיים פיהרען.

— וואו האט א הונד א הויז — וויצעלט דער צוקער־בעקער, און יונה באין פערטראכט זיך, נור לאזט שוין דעם יתום'ס האנד פון זיינער נישט ארויס...

די נושאים געהען שוין שטיל צו צו דער שטאדט, און זיי בעמערקען נישט, אז דער יתום האט זיך אנגעשלאגען אן א שטיין און טאנצט אונטער אויף איין פיסל.

פאר שרעק האט ער אפילו קיין זיפץ נישט געטהון.—

## 3) יונה באאך און זיינע חברים.

אין אנהייב שטאדט, וואו עס שיידען זיך די געסליך רעכטס צום בית־המדרש און לינקס צום חברה־נושאים שוהלכיל, שטעלט יונה אב זיינע חברים און פרעגט פערזארגט:

— וואס טהוט מען מיט'ן יתום?

— א שדוך — וויצעלט, ווי זיין שטייגער איז, דער צוקער־בעקער.

— פיהר איהם אין בית־המדרש אריין! — מאכט העשעל היטעל־מאכער.

— און גאר?

— האסט ווייניג דיינע קינדער? — פרעגט דער צוקער־בעקער.

— זאלען בעלי־בתים זארגען — מאכט דער היטעל־מאכער.

— אה! — פייפט אונטער יונה באין — איהר געדענקט חנטשע'ס דער משוגענערס יונגעל... וואו איז ער היינט?

— אין תפיסה — ענטפערט דער צוקער־בעקער גלייכגילטיג.

— עס איז איהם בעסער ווי מיינע אין דער היים — מיינט העשעל מיט א זיפץ.

— יודען — זאגט יונה ערנסט — זינדיגט נישט מיט די רייד.

— נו? — פרעגען ביידע.

— הערט וואס איך וועל אייך זאגען — מאכט יונה מיט א פערענדערט קול — דער יתום איז געבליבען מיט אונז... עס איז נישט פראסט... עס איז מן הסתם אזוי בעשערט...

— עט!

— ניין, נישט עט! פאר וואס איז ער מיט קיינעם נישט אהיים געגאנגען, נאר ביי אונז געבליבען.

— מיר זענען די לעצטע געוועזען.

— דאס אליץ איז א הימעל־זאך, אויף א יתום קוקט מען, מיר טארען איהם נישט אבלאזען.

ביידע ציהען מיט די פלייצעס. עפים איז זיי היינט יונה צו ערנסט, עפים צו פרום, עפים נישט דאס וואס שטענדיג. דאך ווארפען זיי איין אויג אויפ'ן קינד, און בלייבען אויך צערידערט: א דערשראקען, פערציטערט פייגעלע — עס שניידט ביי'ם הארץ.

— ווי הייסט דו, יונגעלע? — פֿרעגט דער צוקער־בעקער ווייך.

— רוד׳ל — שטאַמעלט קוים אַרויס דאָס קינד.

— נו? — פֿרעגט ווייטער יונה.

זיי שווייגען.

— גיט איין עצה — בעט זיך יונה.

נאָר די חברים האָבען זיך שוין אָבגעשאָקעלט, און מעהר אויפ׳ן יתום ווילען זיי שוין נישט קוקען. —

— נעהם איהם צו דיר — זאָגען ביידע, נאָר הייבען די אויגען נישט אויף פֿון דער ערד.

— און די אשה מיינע?

זיי שווייגען. דער עולם ווייסט, אַז ביי יונה׳ן אין דער היים פֿיהרט שרה׳לע די מלוכה. אַז דער לאַנגער יונה, קוים דאַרף נור אַהיים געהן, לאָזט ער שוין אויפ׳ן וועג אַראָב דעם קאָפּ. ביי דער טהיר, איידער ער לעגט אַרויף די האַנד אויף דער קלאַמקע, האָט ער נאָך אַ ישוב, צי קען ער נישט ערגיץ אַוועקגעהן נאָך אויף אַ ווײַלע, און אויב נישט, בייגט ער זיך נאָך טיעפֿער איין. אין שטוב איז ער שוין אין דרייען געבויגען, און יונה דער בעל־דברן, דער ראש־וראשון אויף יעדער סעודה, ביי יעדען מנין, דער טרינקער, דער פּאַטשער, די שרעק פֿאַר רב און קהל, קען אין דער היים קיין צוויי נישט צעהלען... עס איז איהם נישט צו דערקענען!

— זי וואָלט איהם פֿעראימערט דאָס לעבען: איהר אייגענע לאָזט זי קיין פֿרייע מינוט... — ענדיגט יונה מיט אַ זיפֿץ.

— און דו וואו ביסט צו אַלדע־שוואַרצע־יאָהר!

— וואָס זאָל איך טהון מיט אַ יודענע!

די נושאים שווייגען, וואָרום באמת, וואָס טהוט מען מיט איין אשה? אַ בעל־הבית, אַז ער קריכט אונטער דער פֿעל, פּאַטשט מען אַ מאָל אויס, דעם רב — ענטפֿערט מען איין גראָב וואָרט, פֿערקריכט ער אין אַ מויזען־לאָך... אָבער איין אשה מיט יללות, מיט נעגעליך... אויף דעם איז שוין קיין הילף נישט פֿערהאַנען.

— ווייסט דו וואָס, העשעל — חאַפּט זיך יונה אויף ווי פֿון שלאָף — נעהם איהם צו דיר.

— משוגע ביסט דו, מטורף! איך האָב פֿאַר מיינע קיין ברויט נישט... שיינע ירידים היינט!

— פֿאַר צאָהלען מיין איך!

— ווער וועט צאָהלען?

— וויפֿיעל ווילסט דו אַ וואָך?

— האָטש אַ רובל אַ וואָך — ענטפֿערט העשעל.

— נאָר ווער וועט צאָהלען — פֿרעגט ער ווייטער — מען ווייסט אַז דאָס קניפּעל איז ביי שרה׳לען נישט ביי יונה׳ן אין דער האַנד: ער קריגט אפילו אויף קיין טרונק בראַנפֿען נישט, האָטש פרנסה, ברוך־השם, איז דאָ, אַ קעסטעל־מאַכער איז ער אַ גוטער!

— און אַז בעלי־בתים וועלען צאָהלען?! — פֿרעגט יונה.

— אָה! זיי לויפֿען שוין!

— זיי מוזען צאָהלען — גיט יונה אַ טופּ מיט׳ן פֿוס!

— יונה! — מאַכט דער צוקער־בעקער — לאָז דיך נישט גליסטען! מיש דיך נישט אין קהל׳ס זאַכען, שוין לאַנג נישט געוועזן קיין מחלוקת! ווילסט ווייטער אַ פֿייער אונטערצינדען!

העשעל ראָטה אויך דאָס זעלבע:

— גיב מיר איבער דעם יתום, איך וועל איהם אָבפֿיהרען אין בית־המדרש אַריין.

— אָבפֿיהרען וועל איך איהם אַליין — זאָגט יונה מיט אַ האַרטער שטימע.

— האַ! אַז די האָסט זיך אָנגעטשיעפּעט!

ביידע נושאים הייבען מיט די פּלייצעס און געהען זייער וועגס. יונה שטעהט אַביסעל פֿערטראַכט; אַ מינוט שפּעטער שרייט ער נאָך:

— העשעל, געדענק, פֿאַר אַ רובל אַ וואָך!

— איך געדענק! ענטפֿערט העשעל פֿון ווייטען.

— עפּיס אַ דבוק איז אין איהם אַריין... רחמנא־ליצלן! — מאַכט דער צוקער־בעקער.

— נו אַ רחמנות איז טאַקי — ענטפֿערט העשעל.

אַוודאי איז רחמנות — מאַכט דער צוקער־בעקער — נאָר הערסט דו, ברודער, וואָס איך וועל דיר זאָגען? רחמנות איז דער טהייערסטער ביסען פֿאַר אָרימע לייט! זיי נעהמען זיך אין אַ זייט און טרעטען אָב אין דעם ערשטען בעסטען שענק אויף אַ טרינק בראַנפֿען.

יונה שטעהט נאָך אַלײן מיט׳ן יתום ביי דער האַנד; ער האָט עפּיס אַ ישוב.

---

# אַ בוידעם.

## אַ נייע מעשה פֿון טֻבְיָה דעם מילכיגען,

איבערדערצעהלט וואָרט ביי וואָרט,

פֿון **שלום־עליכם.**

(ענדע)

---

בקיצור, עס איז געבליבען, אַז מיר שליסען שותפות; איך לייג אַריין געלד און מנחם־מענדיל שכל, און וואָס גאָט וועט געבען איז דאָס אויף דערהאַלב. — גלויבט מיר, זאָגט ער, איך וועל מיך מיט אייך, רב טביה, אם ירצה השם אויסהאַנדלען פֿיין וואָס פֿיין הייסט און וועל אייך מיט גאָטס הילף געבען געלד און געלד און געלד! „אמן, גם אתם, זאָג איך, פֿון דיין מויל אין גאָטס אויהרען. נאָר וואָס דען, זאָג איך, איין זאַך פֿאַרשטעה איך דאָ ניט: ווי אַזוי קומט די קאַץ איבער׳ן וואַסער? איך בין דאָ, דו ביסט דאָרט; געלד, זאָג איך, איז איין אֵיידעלע מאַטעריע, פֿאַרשטעהסט דו מיך: האָב קיין פֿאַר־איבעל ניט, זאָג איך, איך מיין דאָ חלילה קיין אויבערקעפּליך; גלאַט, ווי שטעהט דאָרט ביי אברהם אבינו: הזורעים בדמעה ברנה יקצורו, בעסער פֿריהער באַוואָרענט איידער נאָכדעם באַוויינט..." — אָך! מאַכט ער צו מיר, אפשר מיינט איהר צעשרייבען זיך אויף פּאַפּיר? מיט׳ן גרעסטען כבוד! — „טאַ, זאָג איך, אַז מע וויל שמועסען צוריק איז אויך די אייגענע מעשה: ממה־נפשך, וועסט דו מיך ווילען קוילען, וואָס וועט מיר העלפֿען דאָס פּאַפּיר? לָאו עַכְבְּרָא גַנְבָא, נישט דאָס וועקסיל צאָהלט, דער מענש צאָהלט, און אַז איך הייננ שוין אויף איין פֿוס, זאָג איך, לאָס איך הייננען אויף ביידע". — איהר מעגט מיר גלויבען, זאָגט ער, רב טביה, איך שווער אייך ביי מיין הייליגע נאמנות, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפֿען, ווי איך מיין דאָ נישט קיין חכמות, חלילה אויסנאַרען ביי אייך, נאָר פֿיין און נאָר אָרענטליך אם־ירצה־השם זיך טהיילען אויף דערהאַלב, גלייך אויף גלייך, חלק כחלק, חצי שלי וחצי שלך: מיר הונדערט, אייך הונדערט, מיר צווייהונדערט אייך צווייהונ־דערט, מיר דרייהונדערט אייך דרייהונדערט, מיר פֿירהונדערט אייך פֿיר־הונדערט, מיר טויזענד אייך טויזענד...

בקיצור, איך האָב אַרויסגענומען די עטליכע קערבליך, דריימאָל איבערגעצעהלט, די הענד האָבען מיר בשעת מעשה גוט געטרייסעלט זיך, צוגערופֿען די אַלטע מיינע פֿאַר איין עדות, איהם נאָך אַמאָל קלאָהר געמאַכט, וואָס פֿאַר אַ בלוטיג געלד דאָס איז, און אַוועקגע־געבען מנחם־מענדלין, אַייגנענייט איהם אין בוזעם אַריין מע זאָל דאָס ביי איהם חלילה אינטערוועגנס נישט אַוועק־לקחנען, און אָפּגערעדט מיט איהם, אַז אם־ירצה־השם לא יאוחר פֿון נאָך שבת׳דיגער וואָך באַדאַרף ער מיר למען־השם אַריינשרייבען אַ בריוועל פֿון אַלסדינג באריכות, זיך אָפּגעזעגענט מיט איהם פֿיין שיין, צעקישט זיך גאָר פֿריינד־ליך, ווי געוועונטליך מיט אַיין אֵייגענעם. געבליעבען אַליין נאָך זיין אַוועקפֿאָהרען, האָבען זיך מיר אָנגעהויבען פֿאָרשטעלען אַלערליי מחשבות און חלומות אויף דער וואָהר, און אַזעלכע זיסע חלומות, אַז עס האָט זיך מיר געוואָלט אַז זיי זאָלען זיך ציהען אייביג, קיין מאָל ניט אויס־לאָזען זיך. עס האָט זיך מיר פֿאָרגעשטעלט אין מיט׳ן שטאָדט אַ שטוב אַ גרויסע מיט בלעך נעדעקט, מיט שטאַלען, מיט קאַמערען, קעמערליך

און שפּעזשאַרנעס מיט אַלדעם גוטס, און אַ בעל־הבית'טע מיט שליסעל דרעהט זיך אַרום—דאָס איז מיין ווייב גאָלדע—גאָר נישט צו דערקענען זי חלעבען; זי האָט בעקומען גאָר איין אַנדער פּנים, אַ פּנים פֿון אַ נגידית, מיט אַ גוידער און מיט אַ האַלז פּעריל; זי בלאָזט פֿון זיך און שעלט די דינסטען מיט טויטע קללות; די קינדער מיינע דרעהען זיך אַרום אַלע מיט שבת'דיגע קליידער, טהוען נישט קיין האַנט אין קאַלט וואַסער. דער הויף איז פֿאַרפֿלייצט מיט עופות, גענז און קאַטשקעס; אינווייניג אין שטוב לייכט זיך, אין אויבען פֿלאַקערט אַ פֿייער (עס קאָכט זיך וועטשערע), און דער סאַמאָוואַר זידט ווי אַ גזלן! ביי'ם טיש אויבען אָן זיצט דער בעל־הבית אַליין, טביה הייסט דאָס, אין אַ חאַלאַט מיט אַ יאַרמעלקע, אַרום איהם זיצען די פֿאַרנעהמסטע בעלי־בתים פֿון שטאָדט און חנפֿ'נען איהם: זייטשע מוחל, רב טביה... האָט קיין פֿאַראיבעל ניט, רב טביה... „איי, קלעהר איך מיר בשעת מעשה, אַ רוח אין גאָלדס טאַטענס טאַטען אַריין!..." — וועמען שעלטסט דו דאָס אין טאַטען אַריין?—פֿרעגט מיך מיין גאָלדע. „קיינעם ניט, זאָג איך, איך האָב מיך אַביסעל פֿאַרטראַכט, מחשבות, חלומות, אַ נעכטיגער טאָג.. זאָג מיר, גאָלדע סערדצע, מאַך איך צו איהר, דו ווייסט נישט מיט וואָס האַנדעלט ער, דער קרוב דיינער, מנחם־מענדיל מיין איך?"—וואָס עס האָט זיך מיר, זאָגט זי, געחלומט יענע נאַכט און היינטיגע נאַכט און אַ גאַנץ יאָהר זאָל אויסגעהן צו מיינע שונאים'ס קעפּ! סטייטש, זאָגט זי, מע זיצט אָפּ מיט אַ מענשען אַ גאַנץ מעת־לעת און מע רעדט און מע רעדט און מע רעדט, לסוף קומסט דו צוגעהן און פֿרעגסט ביי מיר מיט וואָס ער האַנדעלט?! עפּיס האָט איהר דאָך, זאָגט זי, געמאַכט אינאיינעם אַ געשעפֿט צי ווועלכע גוטע יאָהר? „יאָ, זאָג איך, געמאַכט, זאָג איך, האָבען מיר, נאָר וו א ס געמאַכט—דאָס וויים איך ניט, חאָטש נעהם מיר אַראָפּ דעם קאָפּ! ס'איז, פֿאַרשטעהסט דו מיך, נישטאָ ביי וואָס אָנצונעמען; נאָר פֿונדעסטוועגען, זאָג איך, איינס צו'ם אַנדערען געהער זיך נישט אָן, זאָלסט זיך גאָר ניט זאָרגען, מיין ווייב, דאָס האַרץ זאָגט מיר צו גוטען, מיר וועלען אם־ירצה־השם, אַזוי דאַכט זיך מיר, פֿאַרדינען געלד און אַ סך — זאָג זשע אָמן און קאָך וועטשערע"!

בקיצור, עס געהט אַוועק אַ וואָך און צוויי און דריי—ניטאָ קיין בריעף פֿון מיין שותף! איך בין אויס מענש, געה אַרום אָהן אַ קאָפּ און וויים ניט צו טראַכטען. עס קאָן ניט זיין, קלעהר איך מיר, ער זאָל גלאַט אַזוי פֿאַרגעסען שרייבען אַ בריוועל; ער ווייסט גאַנץ גוט, ווי אַזוי מיר קוקען דאָ אַרויס. נאָר ווייטער פֿליהט מיר דורך אַ געדאַנק אין קאָפּ: וואָס וועל איך איהם טהון, למשל, אַז ער נעהמט זיך דאָרט אַראָפּ פֿון אויבען די גאַנצע סמעטענע און מיר זאָגט ער, אַז מע האָט נאָך גאָר ניט פֿאַרדינט? געה רוף איהם קנאַקניסעל! עס קאָן ניט זיין, מאַך איך צו זיך אַליין, סטייטש, הֲיִתָּכֵן?... איך באַגעה מיך מיט אַ מענשען טאַקי נאָר ווי מיט איין אייגענעם, לאָז דאָס מיר אַקעגען קומען וואָס איך ווינש איהם, זאָל ער מיר אָפּטהון אַזאַ שפּיצעל?! און ווידער פֿליהט מיר דורך גאָר איין אַנדערע מחשבה: מילא רֶוַח יאַק רוח, איך בין איהם שוין מוחל דאָס פֿאַרדינסט, רוח והצלה יעמוד ליהודים — גאָט זאָל העלפֿען דאָס קרן זאָל חאָטש זיין גאַנץ! און עס ווערד מיר קאַלט אין אַלע איברים. „אַלטער נאַרר! זאָג איך צו זיך אַליין; זיך גענעהט אַ בייטעל, דו טפּש איינער, בהמה בצורת פֿערד! פֿאַר דעם הונדערטער בעסער געוועז קויפֿען זיך פֿערדליך אַ פּאָר אַשר לא פֿערדלו אבותינו און דאָס וועגעלע איבערגעביטען אויף אַ נאַטשאַטשאַנקע מיט רעסאָרען"...—טביה, למאַי טראַכסט דו עפּיס גאָר ניט? מאַכט צו מיר מיינע. — „וואָס הייסט, זאָג איך, איך טראַכט נישט? דער קאָפּ ווערד מיר אָקערשט צעפֿאַלען אויף שטיקליך טראַכטענדיג, זאָגט זי מיר למאַי איך טראַכט ניט":—נישט אַנדערש, מאַכט זי, עס האָט זיך מיט איהם אין וועג עפּיס געטראָפֿען: אָדער גזלנים, זאָגט זי, זענען איהם באַפֿאַלען און באַנומען פֿון קאָפּ ביז פֿיס, אָדער ער איז חלילה פֿאַרשלאָפֿט געוואָרען, אָדער גאָר אל תפתח פה געשטאָרבען.—„וואָס נאָך, זאָג איך, וועסט דו אויסטראַכטען, נשמה מיינע? נאַ דיר גאָר גזלנים, זאָג איך, פלוצים אין מיט'ן דרינען!" און אַליין טראַכט איך מיר: אַ קשיה וואָס מיט אַ מענשען קאָן זיך טרעפֿען אונטע־וועגנס? „דו באַדאַרפֿסט, זאָג איך צו איהר, מיין ווייב תמיד אויסלייגען צו'ם ערגסטען!" — ער איז, מאַכט זי, פֿון אַזאַ משפּחה; די מאַמע זיינע, זאָגט זי, זאָל זיין אַ מליץ יושר'טע, איז ניט לאַנג געשטאָרבען נאָך גאָר אַ יונגענד, און דריי שוועסטער, זאָגט זי, האָט ער געהאַט, זאָלען זיין ווייט אָפּגעשיידט פֿון מיר, איז איינע נאָך מיידעלוויים געשטאָרבען; די אַנדערע האָט דווקא, זאָגט זי, התונה געהאַט, געהאַפּט אַ פֿאַרקיהלונג אין באָד און איז געשטאָרבען, און די דריטע, זאָגט זי, איז תיכּף נאָכ'ן ערשטען קימפּעט אַראָפּ פֿונ'ם זינען, זיך געמוטשעט—געמוטשעט און געשטאָרבען... „געשטאָרבען זאָל לעבען, זאָג איך: גאָלדע, מיר וועלען אַלע, זאָג איך, שטאַרבען, אַ מענש, זאָג איך, איז געגליכען צו אַ סטאָליר: אַ סטאָליר לעבט און לעבט און שטאַרבט און אַ מענש לעבט און שטאַרבט".

בקיצור, עס איז ביי אונז געבליבען אַז איך פֿאָהר זיך דורך קיין י ע ה ו פּ ע ץ. סחורה אַביסעל האָט זיך דערווייל אין דערציייט צונויפֿגעקליבען, ס'איז געוואָרען אַ היבש קרעמעל פֿון קעז און פֿון פּוטער און פֿון סמעטענע פּרימא סחורה: מיינער האָט אייַנגעשפּאַנט דאָס פֿערד און וועגעלע און — ויסעו מרפידים— מאַכט קיין יעהופּעץ. פֿאָהרענדיג אַזוי, מרה שחורה'דיג געוויינטליך, מיט אַ ביטער האַרץ ווי איהר קאָנט זיך פֿאָרשטעלען, איינער אַליין אין וואַלד, געהט מיר דורך דער כחד־הדם און עס שטעלען זיך מיר פֿיר אַלערליי מחשבות און געדאַנקען. „עס וועט זיין שיין, טראַכט איך מיר, אַז איך קום צופֿאָהרען און הויב אָן נאָכפֿרעגען אויף מיין פּאַרשוין, זאָגט מען מיר: מנחם־מענדיל? טע־טע־טע! שטאַרק אין די פֿעדערען, סמאַלעט אַ וועלט, איין אייגענעם מאָווער, פֿאָהרט אין קאַרעטעס, גאָר ניט צו דערקענען! איך נעהם מיך אָן, טראַכט איך מיר, מיט האַרץ און לאָז מיך צו איהם גלייך אין שטוב אַריין — טפּרוּ! מאַכט מען צו מיר ביי דער טיר נאָך און מע גיט מיר מיט'ן עלענבויגען אין האַרצען אַריין; שטופּט זיך ניט אַזוי, פֿעטער, דאָ שטופּט מען זיך ניט. — „איך בין, זאָג איך, איין אייגינער, טאַקי מיין ווייב אַ גליד־גליד־געשוועסטערקינד, דאָס הייסט גאָלדע מיינע איז איהם איין אייגען גליד־גלידגעשוועסטערקינד". — מזל־טוב אייך זאָגט מען מיר; שטאַרק אָנגעלייגט; פֿונדעסטוועגען, זאָגען זיי, מעגט איהר, נישקשה, צו וואַרטען אַביסעל אָט אַדאָ ביי דער טיהר, עס וועט אייך חלילה גאָר ניט שאַטען.. איך שטופּ מיך אָן, אַז מע באַדאַרף עפּיס געבען ווי זאָגט איהר: עולים ויורדים, אַז מע שמירט פֿאָהרט מען, און לאָז מיך גלייך אַרויף צו איהם אַליין.—„גוט מאָרגען אייך, זאָג איך צו איהם, רב מנחם־מענדיל!" ווער? וואָס? אין אומר ואין דברים—ער דערקענט מיך גאָר ניט!—וואָס דאַרפֿט איהר? מאַכט ער צו מיר, איך פֿאַל שיעור חלשות.—„וואָס הייסט, זאָג איך, פּאַני, איהר דערקענט שוין נישט, זאָג איך, קיין קרוב? טביה הייס איך" — אַ? מאַכט ער, טביה? עפּיס קענטליך דער נאָמען... „קענטליך? מאַך איך צו איהם; אפשר איז אייך קענטליך, זאָג איך, מיין ווייב'ס בלינצים, דערמאָנט זיך נאָר אָקאַרשט, מיט איהרע קנישיקעס, צרות־קניידליך, ווערטאָטען?"... און צוריק פֿליהט מיר דורך אַ געדאַנק פּונקט קאַפּור: איך קום אַריין צו מנחם מענדלין, טראָגט ער מיר אַקעגען דעם ברייטען שלום־עליכם. — אַ גאַסט! אַ גאַסט! זיצט, ר ב ט ב י ה, וואָס מאַכט איהר עפּיס, וואָס מאַכט אייער ווייב? איך קוק שוין אַרויס אויף אייך, איך וויל מיך מיט אייך צערעכענען. און ער נעהמט און שיט מיר אָן אַ פֿולע היטעל מיט האַלבעפּריאַלען,—דאָס, זאָגט ער, איז דאָס פֿאַרדינסט און דאָס קרן, זאָגט ער, בלייבט שטעהן; זענט איהר צופֿרידען, רב טביה, מיט אייער פֿריינדיל, וואָס שווייגט איהר?!... אין געדאַנקען האָפּ איך דערווייל אַ דרימעל און זעה נישט, ווי מיין בהור שלאָגט זיך אַראָפּ פֿונ'ם שליאַך אָן אַ זייט, פֿאַרטשעפּעט דאָס וועגעלע אָן אַ בוים און עס דערלאַנגט מיר אַ זעץ פֿון הינטען, עס פֿליהען אַזש פֿינקען פֿון די אויגען. „גם זו לטובה, זאָג איך צו מיר אַליין; דאַנקען גאָט, וואָס האָטש ניט צעבראָכען קיין אַקס"...

בקיצור, געקומען קיין יעהופּיץ און קודם כל אָפּגעזעצט דאָס ביסעל מילכיגס גיך און געשווינד, ווי געוויינטליך, לאָז איך מיך זוכען דעם נפש מיינעם. איך דרעה מיך אַרום אַ שעה און צוויי און דריי, והילד איננו — איך זעה איהם נישט! איך הייב אָן אָפּשטעלען מענשען,

נאָכפֿרעגען: „צי האָט איהר ניט געהערט, צי האָט איהר ניט געזעהען איינעם אַ יודען, וואָס הייסט מיט זיין ליבען נאָמען מנחם־מענדיל?“ — אויב, זאָגען זיי, ער הייסט מנחם־מענדיל, מעג מען עסען פֿון זיין פֿענדיל, נאָר דאָס אַליין איז קאַרג, זאָגען זיי, מנחם־מענדילס איז דאָ אַ סך אויף דער וועלט. — „איהר מיינט מסתמא, זאָג איך, זיין פֿאַמעלי? לאָז מיך אַזוי וויסען בייז, זאָג איך, מיט אייך אינאיינעם, אַז בסך־הכל, זאָג איך, אויב איהר ווילט וויסען, רופֿט מען איהם אין דערהיים, אין מאַזעפּעווקאַ הייסט דאָס, גאָר אויף זיין שווינערס נאָמען, מנחם־מענדיל לאה־דוואָסים: נאָר וואָס דאַרפֿט איהר מעהר, זאָג איך, זיין שוועהר איז שוין גאָר אַ באַטאָגטער יוד, הייסט ער אויף איהר נאָמען, גדליה־הערש לאה־דוואָסים, און אפילו זי אַליין, לאה־דוואָסי מיין איך, הייסט אויך לאה־דוואָסי גדליה־הערש לאה־דוואָסים, היינט פֿאַרשטעהט איהר שוין?“ — „פֿאַרשטעהען פֿאַרשטעהען מיר, זאָגען זיי, נאָר דאָס איז נאָך אַליין נישט גענוג; וואָס איז זיין געשעפֿט, זאָגען זיי, מיט וואָס פֿאַרנעהמט ער זיך, אייער מנחם־מענדיל?“ „מיט וואָס ער פֿאַרנעהמט זיך? זאָג איך, ער האַנדעלט דאָ מיט האַלבעפּריאַלען, זאָג איך, עפּיס בעסמת, פּאָטיווילאָוו. קלאָפּט, זאָג איך, דעפּעשען ערגיץ אַהין, קיין פּעטערבורג, קיין וואַרשאָ...“ — אַ?! מאַכען זיי צו מיר און קאַטשען זיך פֿאַר געלעכטער: מיינט איהר ניט אָט אַ יענעם מנחם־מענדיל, וואָס האַנדעלט מיט יקנה״ז? געהט זייט מוחל אַריבער, זאָגען זיי, אַהינצוצו, אויף יענער זייט; דאָרט לויפֿען אַרום האָזען אַ סך און אייערער אויך בתוכם...

„מעהר מע לעבט, מעהר עסט מען, טראַכט איך מיר; נאַ דיר גאָר האָזען? יקנה״ז?“ איך געה אַריבער אַהין, אויף יענעם טאַרעטאַר, יודען, קיין עין הרע, ווי אויף אַ יריד, ס'איז איין איינגשאַפּט, קאָם וואָס איך שטופּ מיך דורך, מע לויפֿט, ווי די משוגעים, דער אַהין, דער אַהער, איינער איבערן אַנדערען, ס'איז איין עולם התוהו, מע רעדט, מע שרייט, מע מאַכט מיט די הענט: פּאַטיווילאָוו... פּעסט, פּעסט!... געהאַפּט ביי'ם וואָרט... אַריינגעריקט איין אַדרויף... וועט זיך קראַצען... מיר קומט קאַרטאַזש... ביזט אַ גרויסער פּאַרך... אָט צעשפּאַלט מען דיר דעם קאָפּ... שפּיי איהם אָן אין פּנים... זעה נאָר, געקוילעט די קאַפּאָטע... אַ שיינער שפּעקולאַנט... אָנזעצער!... משרת!... אין טאַטענס טאַטען... עס האַלט כמעט ביי פּעטש—ויברח יעקב, מאַך איך צו מיר אַליין, אַנטלויף, טביה, אָט חאַפּסט דו אַ פּאַטש! „נו־נו, קלעהר איך מיר, גאָט איז אַ פֿאָטער, שמואל־שמעלקע אין זיין דינער, יעהופּעץ איז אַ שטאָדט און מנחם־מענדיל איז אַ סוחר! אָט אַדאָ־אַ, טראַכט איך, האַפּט מען גליקען, האַלבעפּריאַלען? אָט אַ דאָס־אָ הייסט ביי זיי מע מאַכט געשעפֿט: אַז אָך און וועה איז דיר, טביה, מיט דיינע מסחרים!“.

בקיצור, איך שטעל מיך אָפּ לעבען אַ גרויס פֿענסטער מיט אַרויסגעשטעלטע הויזען אַ סך און דערזעה דורך דעם אָפּשיין פֿונ'ם גלאָז מיין שמעיה בעל־פּרנסה. עס האָט זיך מיר אָפּגעריסען אין האַרצען אַז איך האָב איהם דערזעהען. ס'איז מיר פּרחה נשמתי געוואָרען! וואו איך האָב ערגיץ אַ שונא און וואו איהר האָט אַ שונא זאָלען מיר איהם דערלעבען זעהען אין אַזאַ הולך, ווי מנחם־מענדיל: וואָס מיר קאַפּאָטע? ווער מיר שטיוועל? און אַ פּנים, טאַטעניו, אַ שענערען לייגט מען אין דער ערד אַריין. — „נו, טביה, כאשר אָבדתי אבדתי — ביזט אין דער ערד, טראַכט איך מיר, מעגסט זיך שוין געזעגענען מיט די עטליכע גראָשענס, עס איז שוין, ווי זאָגט איהר: לא דובים ולא יער, ניט קיין סחורה, ניט קיין געלד, נאָר גלאַט אַזוי צרות...“

ער פֿון זיין זייט איז אַ פּנים אויך שטאַרק מבולבל געוואָרען, מחמת מיר זענען ביידע געבליבען שטעהן ווי צוגעקאָוועט, נישט אויסצורעדען קיין וואָרט אפילו און נאָר געקוקט און געקוקט ווי די האָהנען זיך גלייך אין די אויגען אַריין, ווי איינער רעדט: פֿאַרוויסט און פֿאַרפֿינסטערט זענען מיר ביידע געוואָרען, מיר מעגען ביידע נעמען טאָרבעס און געהן איבער די הייזער!... — רב טביה, מאַכט ער צו מיר שטיל, קאָם וואָס ער רעדט און די טרעהרען וואַרגען איהם, רב טביה! אָהן מזל, הערט איהר, זאָל מען גאָר, זאָגט ער, ניט געבאָרען ווערען אויף דער וועלט! איידער, זאָגט ער, אַזאַ לעבען... היינגען! זאָגט ער, גנאַ־טעווען!... און מעהר קאָן ער קיין וואָרט נישט רעדען. — „אודאי, אודאי, מאַך איך צו איהם, ביזט דו ווערט, מנחם־מענדיל, פֿאַר אַזאַ מעשה מע זאָל דיך אַנידערלייגען אָט אַדאָ, זאָג איך, אין מיטען יעהופּעץ און ברכויש גדול דיר אַריינצימבלען אַזוי פֿיל אַז דו זאָלסט זיך דערזעהן מיט דער באָבע צייטיל פֿון יענער וועלט. באַרעכען, זאָג איך, דו אַליין, וואָס האָסט דו געטאָן? האָסט גענומען, זאָג איך, אַ גאַנצע שטוב מיט לעבעדיגע נפשות, צער בעלי־חיים נעביך, גאָט די נשמה שולדיג, און האָסט זיי איבערגעקוילעט דעם האַלז אָהן אַ מעסער! גוואַלד, זאָג איך, מיט וואָס וועל איך קומען אַצינדערט אַהיים צו מיין ווייב און קינדער? אַדרבה, זאָג שוין דו אַליין, קוילער איינער, גזלן, רוצח!“ — אמת, מאַכט ער צו מיר, אָנגעשפּאַרט זיך צו דער וואַנד; אמת, רב טביה, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפֿען... „דער גיהנם, זאָג איך, נאָר איינער, דער גיהנם איז דאָך קאַרג פֿון דיינעט וועגען! — אמת, זאָגט ער, רב טביה, אמת, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפֿען: איידער אַזאַ לעבען, זאָגט ער, איידער אַזאַ לעבען, רב טביה... און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. איך שטעה און באַטראַכט איהם, דעם שלים־מזל, ווי ער שטעהט אַזוי דעם קאָפּ אַראָפּ, צוגעשפּאַרט צום וואַנט, דאָס היטעל אויף אַ זייט, יעדער זיפֿץ און יעדער קרעכץ, עס רייסט אויס אַ שטיק האַרץ. „טאַ, זאָג איך, אַז מע וויל שמועסען דאָס אייגענע ווידער צוריק, פֿאַרשטעהט מען גאַנץ גוט, דו ביזט אפשר אין דעם אויך גאָט די נשמה שולדיג, וואָרום לאָמיר באַרעכענען די זאַך אַרום און אַרום מיט אַ ממה־נפשך: איך זאָל קלעהרען, זאָג איך, אַז דיין שלעכטיגקייט האָט דאָס געטאָן, איז דאָך עס נאַריש, ביזט דאָך געוועזן, זאָג איך, אַ שתוף גלייך מיט מיר, אַ מחצה שכר'ניק, איך האָב אַריינגעלייגט געלד, דו האָסט געגעבען שכל. אַז אָך און וועה איז מיר; דיין מיין איז אוודאי געוועזן, ווי זאָגט ער, לחיים ולא למות. אַי עס האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם? מסתמא איז ניט באַשערט, ווי זאָגט איהר: אל תתהלל ביום מחר, אַ מענש טראַכט און גאָט לאַכט.

למאי, זאָג איך, אָט האָסט דו מיין מסחר, איז דאַכט זיך גאָר אַ קאַראַנטנע געשעפֿט, פֿון דעסטוועגען, אַז ס'איז באַשערט געווען, זאָג איך, ניט היינט געדאַכט, פֿאַראיאָהרען אַסיען. עס זאָל זיך ביי מיר, ניט פֿאַר דיר געדאַכט, אַנידערלייגען אַ בהמה, אַ מציאה געווען אויף טרפֿ'ס אַ פֿיפֿציגער און טאַקי באַלד נאָך איהר אַ טעלעצע אַ רויטע, קיין צוואַנציג קערבליך וואָלט איך פֿאַר איהר ניט גענומען, נו, האָט דען עפּיס געהאָלפֿען דערביי חכמות? אַז עס געהט ניט, זאָג איך, מאַכט קמיץ־בית—מע! איך וויל דיך גאָר ניט פֿרעגען, זאָג איך וואו איז מיין געלד, איך פֿאַרשטעה שוין אַליין וואו מיין געלד שטעקט, מיין בלוטיג געלד, וועה און ווינד איז מיר! ס'איז אַריין אין אַ מקום קדושה, זאָג איך, ערגיין אין אַ יקנהו״ל, אין אַ נעכטיגען טאָג; און ווער איז שולדיג ווען ניט איך אַליין, וואָס האָב מיך געלאָזט איינריידען גרינגע פֿייגעליך, שמינדריקעס, שמאָכטעליאָקעס? געלד, ברודער, בעדאַרף מען, זאָג איך, פֿאַרהאָרעווען, פֿאַרשוואַרצט און אויסגעריסען ווערען! פּעטש, זאָג איך, ביזט דו, טביה, ווערט, פּעטש ווי האָלץ!! נאָר וואָס העלפֿט איצטער מיין געשריי? ווי אין פּסוק שטעהט געשריבען: צעקה הנערה—שריי צעזעצטערהייד, שכל און חרטה, די ביידע זאַכען קומען תמיד צו שפּעט. ניט באַשערט, זאָג איך, טביה זאָל זיין אַ נגיד, ווי זאָגט איוואַן: נע בולא אָו מעקיטע הראָשע אי נע בודע *): מסתמא, זאָג איך, הייסט גאָט אַזוי; ה׳ נתן וה׳ לקח, מאַכט רש״י—קום, ברודער, וועלען מיר נעהמען, זאָג איך, צו ביסלעך בראָנפֿען!“...

*

אָט אַזוי, פּאַני שלום־עליכם, האָט זיך אויסגעלאָזט פֿון אַלע מיינע חלומות אַ בוידעם! און איהר מיינט אפשר, אַז איך האָב מיך אַזוי שטאַרק גענומען צום האַרצען, וואָס איך האָב פֿאַרלאָהרען מיין געלד? לאָם איך אַזוי ריין זיין פֿון שלעכטס! מיר וויסען דאָך יאָ וואָס אין פּסוק שטעהט: לי הכסף ולי הזהב — געלד איז בלאָטע:

*) נישט געווען ביי מעקיטען קיין געלד און עס וועט ניט זיין.

דער עיקר איז דער מענש, דאָס הייסט אז דער מענש איז אַ מענש. נאָר וואָס־זשע דען האָט מיך געקריינקט? דער הלום וואָס ער איז אַוועקגעגאַנגען. עס האָט זיך מיר געוואָלט, אוי האָט זיך מיר געוואָלט זיין אַ נגיד, האָטש אויף אַ ווײלע! נאָר עס העלפט דען דערביי חכמות? ווי זאָגט דער פרק: בעל כרחך אתה חי — מיט גוואַלד לעבסט דו און מיט גוואלד צערייסט דו אַ פּאַר שטיוועל. דו, טביה, זאָגט גאָט, באַדאַרפסט אין זינען האָבען קעז און פּוטער, נישט קיין הלומות; אַי וואָס? בטחון? האָפנונג? אדרבה, וואָס מעהר צרות מעהר בטחון, וואָס מעהר קבצן מעהר האָפנונג, והראיה?... נאָר מיר דאַכט איך האָב מיך היינט אַביסעל פֿאַררעדט; צייט פֿאָהרען, קלעהרען מכה געשעפט, ווי זאָגט איהר כל האדם כוזב — איטליכער האָט זיך זיינע מכות. זייט מיר געזונד און האָט אַ גוטען תמיד!

---

## אַלֶף־בֵּית.

### אַ פֿאָלקסליעד.

(געווידמעט צו ש. ראַבינאָוויטש.)

אויפ׳ן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל
און אין שטוב איז היים,
און דער רבּי לערענט קליינע קינדערליך
דעם אַלף־בית.

זעהט־זשע, קינדערליך, געדענקט־זשע, טייערע,
וואָס איהר לערענט דאָ;
זאָגט־זשע נאָך אַמאָל, און טאַקי נאָך אַמאָל:
קמץ אַלף — אָ!

לערענט, קינדער, מיט גרויס חשק,
זוי זאָג איך אייך אָן,
ווער ס׳וועט גיכער פון אייך קענען עברי,
דער בעקומט אַ פֿאָן.

זעהט־זשע קינדערליך א. ז. וו.

לערענט קינדער, האָט ניט מורא,
יעדער אָנהויב איז שווער,
גליקליך דער וואָס האָט געלערענט תורה,
צי דאַרף דער מענש נאָך מעהר?

זעהט־זשע קינדערליך א. ז. וו.

איהר וועט, קינדער, עלטער ווערען,
וועט איהר אַליין פערשטעהן,
וויפיל אין די אותיות ליגען טרעהרען
און וויפיל געוויין...

זעהט־זשע קינדערליך א. ז. וו.

אַז איהר וועט, קינדער, דעם גלות שלעפּען,
אויסגעמוטשעט זיין,
זאָלט איהר פון די אותיות כח שעפּען,
קוקט אין זיי אַריין!

זעהט־זשע קינדערליך א. ז. וו.

אויפ׳ן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל
און אין שטוב איז היים,
אזוי לערענט מען מיט קליינע קינדערליך
דעם אַלף־בית.

קיעוו. מ. מ. וואַרשאַווסקי.

---

## דאָס תּהלימ׳ל.

(פֿריי נאָך לערמאָנטאָוו.)

אין די שווערע צייטען ביטערע,
אין אומגליק, פּיין און פּלאָג,
נעהם איך מיר דאָס תּהלימ׳ל
און זאָג אין דעם, און זאָג!

עפּיס ליגט אין דעם אַ געטליכע
קראַפט אין יעדען וואָרט,
און אַ הייליג אונפערשטענדליכע
נחמה פיהל איך דאָרט!

עפּיס קאָטשעט זיך און קויקעלט זיך
פון האַרץ אַראָפּ אַלצדינג,
און גלייבענדיג און וויינענדיג
ווי גרינג, אַך וועדט, ווי גרינג!

פ. זאַמאָשטשין.

---

## נייע ביכער.

**דער בוקעט בלומען.** אין 2 טהייל, איין פערזאמלונג פון ליטעראַרישע מאמרים, דיכטען (?), ערצעהלונגען, אנעקדאָטען און נאָך פיעל אַרטיקלען פון פערשידענע שרייבער, הערויסגעגעבען דורך גבריאל רויטבאַרד אין קישיניעב, 1־טער טהייל 1897.

„וואָס איז דאָס טאַקע אין אמת׳ן פֿאַר אַ נאָמען „בוקעט־בלומען"? פֿאַר וואָס נישט קיין „פעקיל שמאַטעס"? — אַזאַ שאלה פֿרעגט דער אַרויסגעבער אַליין אין זיין „פֿאַר ווערטער צו דיא לעזער". פֿערשטעהט זיך אַז ער ענטפֿערט טאַקי באַלד אויף דעם אַ תירוץ מיט גרויס ענִיוות: „מיר האָבען זיך בעמיהט אַרויסגעבען אַזאַ בוך אין וועלכען עס זאָלען זיך נאָר אָפּ שפּיגלען אַרטיקלען פֿון דער יודישער קוועלע... פֿאָן ציון׳שע ליעבע און פֿון די שענסטע בלומען פֿון דער איירָאָפּייעשער ליטעראַטור און טאַקע דער פֿאַר האָבען מיר אונזער בוך גענאַנט בוקעט־בלומען, דען ווי אין אַ בוקעט אריין, האָבען מיר גיקליבען בלומען פֿון דעם יודישען גאָרטען איינס און איינס, זאָלכע בלומען וואָס אויף יעדען בלעטעל פֿון זיי איז פֿערצייכענט דאָס פינטעלע יוד".

נאָר דער אמת איז, אַז מע נעהמט און שמעקט איבער די דאָזיגע „בלומען" אינ׳ם „בוקעט" בלייבט די קשיא פֿאַרט אַ שטאַרקע קשיא: „וואָס איז דאָס טאַקע אין אמת׳ן פֿאַר אַ נאָמען „בוקעט־בלומען"? פֿאַר וואָס נישט קיין „פעקיל שמאַטעס"?...

מעהר פֿון אַלע, פֿערשטעהט מען אַליין, האָט אַריינגעגעבען אין בוקעט אייגענע בלומען טאַקי דער אַרויסגעבער זעלבסט ר׳ גבריאל רויטבאַרד פֿון קישיניעב, ווי זאָגט מען עס, זיין סטענדיר — זיין מהזור, וועמען האָט ער צו פֿרעגען אַ דעה? און געגעבען האָט ער דוקא נישט פֿון איין מין, נאָר פֿון אַלע מינים, פֿון וואָס אייער האַרץ גליסט. ווילט איהר „ליטעראַרישע מאמרים" — פֿאַר וואָס נישט?

ה׳ רויטבאַרד נעהמט און שרייבט „די פוילישע־יודישע איסטאָריע" קורץ און שאַרף, אין דריי קליינע קאַפּיטלען האָט איהר פֿון אַלדעסגוטס, פֿון וולאַדימיר׳ן, למשל, וואָס האָט „צו זיך גערופֿען דריי פריסטער פֿון יודישען, קריסטליכען און מהמדאַנער גלויבען צו הערען פֿון זיי די סיסטעמען און עלעמענטין פֿון זייער גלויבען און רעליגיאָנען", אויך פֿון די „דוממע פריסטער", וואָס האָבען געברענט יודען פֿאַר׳ן „טיראַנישען בלבול „עלילת־דם", און זייערע אייניגע ווערטער וועלכע „וויזען וואָס פֿאַר איינע גראָססע אידיאָטען זיי זענען געווען" און נאָך און נאָך. — ווילט איהר גלאַט אַביסעל מוסר, האָט איהר פֿאַר אייך אַ מאמר „בעטראַכט זיך נאָר ר׳ יודיל", וואו אַלין דער אייגענער מחבר דערמאָהנט אונזערע ברידער אַז אין יאָהר 1835 האָט מען אין אונזער לאַנד נעגעבען יודען ערד אויף צו אַרבייטען, „אַבער ווי נאַריש און אונמענשליך זענען מיר זיך דאַמאָלס בענאַנגען! דאָס רוב פֿון אונז האָבען זיך גוט אויס גענעניצט און אויס געהיסט, נאָכהער האָבען זיי זיך גירעשיט אָטקאַזיווען זיך פֿון דעם נאָמען פויער". איצט ווילען שוין דוקא יודען יאָ אַרבייטען, „מע לויפֿט אַזש ווי דער שוואַרצער פֿעפֿער וואַקסט, קיין אַרגענטינא, קיין פּאַלעסטינא א. ד. ג. דאַכט זיך מיר וואָלטען שוין מיט אַלע קרעפֿטען די ערד געאַרבייט, אָבער פֿערפֿאַלען ר׳ יודיל! מע האָט דיר איין מאָהל גיפּרובט, קען מען דיר שוין ניט גלויבען. אַרויס ר׳ יודיל פֿון גן־עדן! ... און ווי גירעכט איז די רעגירונג!" וואָס זאָגט איהר אויף דער קלוגער שניידענדער סאַטירע? ווי געפֿעלט אייך ווי אונזער העלד שטעכט ר׳ יודלען מיט זיין שאַרף צינגעל און טאַנצט דערביי אונטער פֿאַר שמחה? איז דאָס נישט איין אַרטיקעל „פֿון דער יודישער קוועלע", נישט „אַ צוויינעלע אויף וועלכען ס׳איז פֿערצייכנעט דאָס פינטעלע יוד"? — ווייטער וואָס נאָך ווילט איהר, אפשר שירים? אונזער אַרויסגעבער איז ברוך־השם אַ מייסטער אויף דעם אויך. נישט איינע, עטליכע „דיכטען" איז דאָ פֿון איהם אַליין. אָט האָט איהר „די עלענדע יתומה" (צו זינגען מיט דער מעלאָדיע פֿון „עלעגיע לעוואַנדע"), וואו די יתומה קלאָגט אַז זי קען נישט טרינקען און עסען „פֿון זינט גערויבט האָט מיין מוטטער דערטוידט דער בלאַסער". אָדער גאָר אַ פּאַטריאָטיש געדיכט (דער מחבר פֿונ׳ם אַרטיקעל „בעטראַכט זיך נאָר ר׳ יודיל" איז אַ יודישער פּאַטריאָט אויך!) וואו ער זינגט: „און ווי שיין ווי פּרעכטיג דאָס לאַנד איז יעצט, זינט אונזערע יודעליך האָבען זיך אַהין פֿאַרקליבען, זינט ראָטשילד האָט דאָרט אונזערע ברידער באַזעצט, און האָט זיי דאָרט קאָלאָניעס גיגעבין".

היינט ווער פֿערשטעהט עס נישט, אַז אַזאַ זעלטענער שרייבער אין אַלע פֿאַכען ליטעראַטור, ווי ה׳ גבריאל רויטבאַרד אין קישיניעב, איז אויך אַ זעלטענער אַרויסגעבער? נישט־קשה, איהר מעגט זיך שוין אויף איהם פֿערלאָזען, ער ווייסט דעם קונץ ווי אַזוי צונאויפֿשטעלען אַ בוקעט פֿון נעקליבענע „בלומען פֿאָן דעם יודישען גאָרטען איינס און איינס", טאַקי נור אויף הידושים.

אָט האָט איהר, למשל, דאָס ערשטע ערצעהלונג „דער טיראַנישער מאַנן" פֿון שרה הוכבערג. די מעשה איז געוויס זעהר אַ שרעקליכע, ווי אַ לייטישע פֿרוי נעביך האָט געהאַט אַ טיראַנישען מאַן, וואָס האָט זי אַוועקגעוואָרפֿען און אוועק קיין אַמעריקאַ און דאָרט התונה געהאַט, און דערנאָך אַראָבגעבראַכט אַהין דאָס ערשטע ווייב, נור אויף נוקם צו זיין זיך אין איהר, און אַריינגעגעבען איהר אַזאַ געטראַנק און אַוועקגעפֿיהרט אין „דיל הויז" (משוגעים־הויז). ווייל דער געמאַל האָט זי „ערקלערט פֿיר וואַנזיניג", און דאָרט איז זי אָפּגעזעסען אַ שטיק צייט ביז זי איז ווירקליך פֿון זינען אַראָפּ. איצט האָט זי זיך אומגעקעהרט אין איהר געבורטסשטאָדט און געהט אום אין די גאַסען און „ווער עס וויל רייסט זיא, קנאַפּט זיא און זיא זאָגט דאַפֿיר ניט אַ וואָרט". אמת, דאָס ערצעהלונג אַליין פֿאַר זיך, מוז מען מודה זיין, איז דוקא נישט גאָר פֿון די טייערע בלומען, ס׳איז געשריבען גלאַט אין דער וועלט אַריין, אָהן אַ שפּראַך, אָהן אַ סימן פֿון פֿעהינקייטען; נאָר איין מעלה האָט עס וואָס פֿערנעהמט נור 20 זייטליך, אַנדערע „שרייבער" וואָלטען עס שוין צעלענט אויף צעהן טעלער, געמאַכט דערפֿון אַ ראָמאַן האָטש אין עטליכע טהייל מיט אַ פּראָלאָג, און אַ עפּילאָג, און צו דער איינע משוגענער וואָלטען צוגעקומען נאָך האָטש אַ פּאָר דערשאָסענע, דריי געסמטע א. ד. ג. ...

און אַזוי זענען אויך די איבריגע ערצעהלונגען אין אונזער פֿערזאַמלונג, ערענסטע און סאַטירישע. אַלע געהען „בעקבות גבריאל רויטבאַרד", אַרבייטען אויף זיין שניט. און אַזוי זענען אויך די איבעריגע „דיכטען" פֿון די אַנדערע דיכטער, וואו עס „שוויבעלט און גריבעלט" אַלערליי מינים גראַמען ווי „איך—מיך", „דאָס — וואָס", „שטיינער—ביינער", „אָכקען—וואָכקען", און פֿערשטעהט אַליין זיך „הערץ־שמערץ", און אפילו „הערצען־קרעכצען", אָדער גאָר שפּאָגעל־נייע גראַמען ווי „אתרוגים־הרוגים" א. ד. ג.

נאָר גענוג דערפֿון. דער עולם קען שוין האָבען אַ בעגריף וואָס פֿאַר אַ פנים זיי האָבען די דאָזיגע „שענסטע בלומען פֿון דער איירעפאיישע ליטעראַטור". און ווי אַזוי זיי שמעקען... און דריבער טאַקי האָבען מיר, רעדענדיג מיט ה׳ רויטבאַרד׳ס עכט־יודישער שפּראַך, „זיך נירעשעט אָטקאַזיווען זיך" פֿונ׳ם פֿערגניגען איבערצוטרעסלען דעם גאַנצען בוקעט און אַרויסנעהמען יעדעס בלום בעזונדער. גענוג, גאַנץ גענוג.

אמת, עס וועלען זיך געפֿונען ביי אונז אַ סך מפונקים וואָס וועלען געוויס זאָגען אַז ס׳איז אינגאַנצען איבריג, מען האָט גאָר קיין וואָרט נישט גערדאַרפֿט ריידען איבער אַזאַ מין „ווערק". אַזוי אָבער קענען זאָגען נור אַזעלכע וואָס שטעהען גאָר פֿון ווייטענס און הייבען גאָר נישט אָן צו וויסען וואָס עס טהוט זיך דאָרט, אויפ׳ן „זשאַרגאָנישען מאַרק". מיינט נישט, רבותי, אַז אַזאַ „בוקעט" ווייזט זיך איינמאָל אין אַ יובל און קיינער קוקט זיך אויף דעם נישט אום. ס׳איז אַ טעות. אַזעלכע „בוקעטען" וואַקסען אויס אַלע מאָל נייע, און דער עולם האָפּט זיי און האָט ווילד הנאה. דערפֿאַר דאַרף מען, מוז מען צייטענווייז אומקוקען זיך אויף זיי, אַרויסנעמען און ווייזען דעם עולם אַז ס׳איז גאָר נישט קיין „בלומען" נאָר אָפּגעקלאַפּטע הושענות אָדער פּראָסט טאַקי אַ פעקיל שמאַטעס... ס׳איז אוודאי נייעט אַנגענעהם אַזאַ אַרבייט, נאָר וואָס זאָל מען טהון?

בת־קול.

## די יודישע וועלט.

עסטרייך. = דאס גרויסע אקציאנס-קאמיטע האט אפגעדריקט איין אייפרוף אין דער ציוניסטישער צייטונג „די וועלט". אין דעם אויפרוף ווערט אויסגערעכענט וואס די ציוניסטען האבען שוין ביז איצט געטוהן און וואס זיי מוזען נאך איצט טיהן: „זיי מוזען העלפֿען גרינדען די יודישע קאָלאָניאל-באנק!"

נאַבדעם ווי דאס קאָמיטע וואס איז גערוועהלט געווארען אין באזעל — הייסט עס ווייטער אין דעם אויפרוף — האט מיט גרויסער איבערלעגונג אויסגעקלערט ווי אזוי די באנק קען געגרינדעט ווערען אזוי אז זי זאל האבען אַ רעכט צו ארבייטען פֿאר אונזער בעוועגונג, איז בעשלאסען געווארען אז די באנק זאל איצט געגרינדעט ווערען. די צייכנונגען פֿון אקציעס, וואס וועלען ענדע פֿון מאנאט מערץ זיין אין דער גאנצער וועלט, מוזען בעווייזען, אז דער ציוניזם איז נישט עפּיס אַ פוסטע מליצה, אַ גערעדעריי, נאר דער אויסדרוק פֿונ׳ם אמת׳ן פֿאָלקסווילען. נישט שטעהן בלייבען, ברידער! יעדער ציוניסט מוז עס בעטראכטען פֿאר אַ היילינער פֿליכט, צו ארבייטען פֿאר די צייכנונג פֿון אקציעס וואס זענען חלילה נישט קיין נדבה, נאר א שפארקאסע פֿון א נאציאנאלען צוועק וועגען. יעדער מוז אין זיין קרייז, אין זיין שטעדטיל, ס׳מעג זיין ווי קליין, טהון וואס ער קען. דער ציוניזם מוז איצט אויספֿיהרען אַ פראקטישע זאך, וואס זאל בעווייזען, אז דער געדאנק, דאס יודישע פֿאלק זאל זיך אליין העלפֿען, איז נישט א קינדערשער חלום, נאר א געדאנקען פֿון פראקטישע מענער, וואס ווייסען וואס זיי טיהען. ביז איצט האבען עטליכע מענער וואס האבען גרויסע אָפּפֿער געבראכט אָהן אויפֿהער געארבייט. איצט איז די צייט געקומען, וואס יעדער איינציגער ציוניסט מוז ארבייטען און מיטהעלפֿען מיט אלע כוחות. קיינער טאָר ניזט אפּשטעהען! יעדער ווייסט פֿון וואס עס האנדעלט זיך איצט. ברידער ארבייטעט!"

= פֿאריגע וואָך האט דער בעקאנטער דייטשער שריפֿטשטעלער יאַר קשטיינער אין צוויי וויענער בעצירקען רעדען געהאלטען און בעריכטעט פֿון זיין רייזע קיין ארץ-ישראל. ער האט זעהר געלויבט דעם פֿלייס און דעם חשק צו שווערער ארבייט פֿון די יודישע קאָלאָניסטען. ער האט זיך ראַרט אין די קאָלאָניעס איבערציינט, אז אין יודישען פֿאלק איז אצינד אויפֿגעשטאנען א נייער

דור וואס בעווייזט אזוי פיעל קראפט צום לעבען אז עס קען קיינמאל נישט אונטערגעהן.

= אז די יודען אין גאליציען געהט זעהר שלעכט איז א בעקאנטע זאך. פון $\frac{3}{4}$ מיליאן יודען וואס וואוינען אין גאליציען איז דא כמעט $\frac{1}{2}$ מיליאן אביונים וואס האבען נישט מיט וואס דעם טאג איבערצוקומען, און זיי זאלען וועלען ווי שווער ארבייטען אבי דעם טרוקענעם ביסען ברויט צו פערדינען איז אויך נישט דא וואו. זיי ווערען צו קיין שום ארבייט נישט צוגעלאזט, פונ'ם האנדעל ווערען זיי אויך יעדעס מאל צוריק געשטויסען, און ס'ווערען אויסגע-זוכט אלע מיני מיטלען, ווי אזוי ביי יודען אוועקצונעהמען די פרנסה. איין ארט איז נאך אין גאליציען געווען וואס יודישע בעלי-בתים און יודישע ארבייטער האבען געהאט צו לעבען: אין באריסלאב אין די נאפט-גריבער. איז איצט ארויס נייע געזעצע, וואס דורך זיי האט מען געמוזט כמעט אין דריי פערטיל פון די גריבער אפשטעלען די ארבייט און הונדערטער פאמיליעס געהען ארום אהן פרנסה און שטארבען כמעט פאר הונגער. דאס עלענד און ארומקייט איז דארט אזוי גרויס, אז עס לאזט זיך גאר נישט בעשרייבען. דיא אומגליקליכע מענשען זענען געוואוינט צו ארבייטען שווער. זיי האבען זיך שוין געבעטען ביי ראטשילד און גוטמאן מען זאל זיי געבען ארבייט אין די קוילען-גריבער, אבער ס'העלפט נישט. דערווייל הערשט דארט א הונגער-טיפוס, וואס עטליכע זענען שוין דארויף קראנק געווארען און געשטארבען. אלע יודישע ציטונגען שרייען געוואלד און אונזערע „גרויסע", וואס קענען העלפען, הערען און — שווייגען!

= ווי ס'ווייזט אויס האבען די וויענער אנטיסעמיטען, וואס הערשען איצט אין עסטרייך, חשק א געזעץ איינצופיהרען, וואס זאל פערביעטען יודישע שחיטה. זיי זאגען עס נישט בפירוש ארויס, נאר זיי ווילען פערהיטען מען זאל נישט „בהמות טעדטען אהן רחמנות". דעם אמת'ן פשט פון די ווערטער איז נישט שווער צו פערשטעהן.

= און וויען איז פאר אפאר טעג געשטארבען א יוד, מיט'ן נאמען כהן, וואס איז געווען דער עלטסטער מענש פון דער שטאדט. ער איז אלט געווען 113 יאהר און האט אין די לעצטע יאהרען געלעבט דערפון וואס עדלע מענשען פלעגען איהם ברענגען ווען זיי האבען איהם בעזוכט און נייגיעריג אויסגעפרעגט איבער זאכען וואס זענען געשעהען מיט הונדערט יאהרען צוריק.

*

**רוסלאנד.** עס ווערען פראיעקטירט נייע געזעצע וועגען דאס רעכט פון יודישע קופצעס (סוחרים) צו וואהנען אין מאסקווא. לויט די נייע געזעצע, וועט דער אינערליכער מיניסטער מיט דעם גענעראל-גובערנאטאר בעדארפען געבען דעם יודישען „קופעץ" די ערלויבניש צו וואהנען אין מאסקווא.

— די געזעלשאפט פון יודישע לעהרער אין לאדז צעהלט קרוב צו דריי הונדערט מיטגלידער. איהרע הכנסות אין פאריגען יאהר האבען בעטראפען 3880 רובל און די הוצאות — 3264 רובל. די געזעלשאפט שטיצט איהרע חברים, ארימע לעהרער, מיט הלואות און אזוי סומען געלט אין א נויט. זי האט א ביב-ליאטעק און א לעזע-צימער וואו יעדער קריגט ביכער און ציטונגען צו לעזען.

— סענאטסקע רעשעניעס. לויט דעם געזעץ פון 22 מאי 1880 איז יודען ניט ערלויבט צו וואהנען אדער פאכטען גיטער אין „דאנסקאי אבלאסט". פאר'ן סענאט איז פארגעקומען א פראגע, אויב דאס געזעטץ איז נוגע אויך צו יודישע ניקאלאיעווסקע סאלדאטען. דער סענאט האט ערקלערט אז אזעלכע יודען האט דאס געזעץ ניט געמיינט און זיי מעגען גאנץ פריי וואהנען אין יענעם ארט, קויפען פעלדער און וועלדער ווי אלע איבריגע בירגער פון רוסלאנד.

— נאכדעם אז ס'איז ארויס דער צירקוליאר פון מיניסטער צו אלע גובער-נאטארען, אז ס'איז כדאי די גאנצע גרויסע דערפער איבערמאכען פאר שטעדט-ליך (וואס דאס וואלט געוען זעהר א גרויסע טובה פאר אונזערע ברידער), האבען איצט אנגעהויבען פיעל דערפער זיך סטארען, מען זאל זיי טאקי ווי אים געשווינדעסטען איבערמאכען פאר שטעדט. בעזאנדערס סטארען זיך פיעל דער-פער אין טאווריער גובערניע, וואו ס'איז א גרויס האנדעל פון תבואה און יודישע אגענטען קומען אהין אויפקויפען די תבואות און גיבען צו פארדינען די איינ-וואהנער. פאר די אגענטען איז אבער ביז איצט שווער דאס זיצען אין דארף, לויט די „ווערעמענע פראווילעס" פון 3 מאי. אבער אז די דערפער וועלען ווערען שטעדטליך וועלען זיי דארט קענען וואהנען פריי.

— דער פאפעטשיטעל פון די פאלקס-שולען אין מערב-סיביר האט ער-לויבט דעם ראבינער אין אטסק לערנען רעליגיע מיט דיא יודישע שילער אין גימנאזיום, נאר מיט דעם בעדינג, אז זיין פענסיע דערפאר זאל ער נעהמען ביי די עלטערן פון די שילער, וואס וועלען פארלאנגען איהם בעפרידיגען. נייטען זיי צו צאהלען קען מען ניט.

— איניגע יודישע טאבאקס-פאבריקאנטען, ביי וועלכע עס ארבייטען בלויז יודישע ארבייטער, האבען דערלאנגט א ביטטע צו נאטשאלסטווא, מען זאל זיי ערלויבען האלטען אפען די פאבריקען אין זונטאג, ווייל פאר די יודישע ארבייטער איז שווער צו ניט-ארבייטען צוויי טעג נאכאנאנד: שבת און זונטאג. נאטשאלס-טווא האט דאס ערלויבט.

— רוסישע ציטונגען שרייבען, אז דער סינאד האט פארגעלעגט א פראי-יעקט, יודען זאלען ניט מאכען קיין יום-טובים צום אנדענקען פון קריסטליכע פאקטען וואס זענען ניט דערמאנט אין תנ"ך נור אין נייעם טעסטאמענט.

— פופציג יודישע יונגע לייט אין בעסאראביע האבען געשיקט א בקשה צו'ם מיניסטער פון עררארבייט, ערלויבען זיי קויפען ביי א גוטסבעזיצער א שטיקעל לאנד, צו גרינדען דארט א קאלאניע און ארבייטען אליין די ערד. איינמאל האבען זיי שוין געשיקט אזא בקשה (פאר 4 חדשים) אבער ס'איז נאך ניט אנגעקומען קיין ענטפער. יעצט ווארטען זיי מיט אונגעדולד אויף א תשובה אויף דער בקשה צום צווייטען מאל.

— די יודישע חברה „מפיצי השכלה" אין רוסלאנד האט ניט לאנג ארויס-געגעבען א חשבון פון יאהר 1897. לויט דעם חשבון האט די הברה אין יענעם יאהר זעהר פיעל געטוהן: געשטיצט פערשיעדענע שולען, יודישע סטודענטען, געגעבען פרעמיעס פאר גוטע ספרים א. ד. ג. דער קאמיטעט פון דער חברה האט איבערגעגעבען ה' איזראעלסאן און דאקטאר קאנטאר איבערזעצען דעם חומש אויף רוסיש. דער קאמיטעט גיט ארויס א אינפארמאציאנס-בוך (ספראוואט-שנאיא-קניגא) ווי אזוי צו בילדען יודישע קינדער. פון איניגע מחברים האט דאס קאמיטעט געקויפט זייערע ביכער און צוגעשיקט אין פערשירענע ביבליאטעקען אויף דער פראווינץ, צו רבנים אדער ארימע שרייבער. אויך זאמעלט ער מאטע-ריאל צו שרייבען די יודישע היסטאריע אין רוסלאנד. 300 רובל האט די חברה עקסטרא בעשטימט, צו זוכען אין די ארכיוען אלטע פאפירען און דאקומענטען וועגען יודען. בכלל האט די הברה אין יענעם יאהר אויסגעגעבען 85,280,86 רובל און הכנסות האט זי געהאט 89,547,99 רובל. אויף שטיצען תלמידים פון פערשידענע שולען האט זי אויסגעגעבען 42,992,58 רובל. 225 רובל האט דער קאמיטעט געגעבען אלטע לעהרער, וואס קענען שוין ניט ארבייטען. — בארא̇ן הארא̇ן גינצבורג האט אין יענעם יאהר געשענקט דער חברה 19,083 רובל.— דאס רוב מיטגלידער האט די חברה אין פעטערבורג (306) מאסקווא (248), קיוב (150) און אדעסא (450) דאגעגען געפינען זיך פיעל גרויסע שטעדט, ווי ווארשא, דווינסק, ביאליסטאק, ברדיטשוב, זיטאמיר וכדומה, וואו די חברה האט זעהר וועניג מיטגלידער. נאר איצט זוכט דער קאמיטעט מיטלען צו פארגרעסערן דעם צאהל פון די חברים אין אלע שטעדט.

— די רבנים פון קרעטינגען (א שטאדט ביי דער פרייסישער גרענעץ) האבען אפגעדרוקט אין די ציטונגען איין אזהרה, אז די ווייבער און מיידליך וואס פאהרען אין אויסלאנד אהן א „גובערנאטארסקי" פאס, זאלען זיך היטען, ניט פאהרען איבער קרעטינגען, דארט אריבערגנב'נען די גרענעץ, ווייל צווישען די אגענטען וואס נעהמען זיך אונטער, זיי אריבערפיהרען, געפינען זיך פיעל פער-דארבענע מענשען, וועלכע מאכען די פרויען אומגליקליך. דאס בעסטע איז צו פאהרען כשר, מיט א פאס. — לוידער קומען אזעלכע טרויעריגע ידיעות אויך פון אנדערע גרענעץ-שטעדט. די יודישע אגענטען צאפען אויס דאס בלוט פון די ארימע עמיגראנטען. —

*

**דייטשלאנד.** = אין אינסטערבורג איז געווען א אסיפה פון דער חברה צער-בעלי-חיים וואו דער דארטיגע ראבינער ד"ר בערמאנן האט א שארפע רעדע געהאלטען און נאכגעוויזען אז די יודישע שחיטה איז דאס לייכטסטע טעדטען פאר די בהמות. די רעדע האט געווירקט, אז דער בעשלוס יודען צו אס'ן די שחיטה איז צוריקגעצויגען געווארען. דער ראבינער האט פארגעלעזען א בריף פון דעם בעריהמטען פראפעסאר ענגעלמאן אין בערלין וואס ער האט צו איהם, צו דעם ראבינער, געשריבען, אז ער איז איבערצייגט, דאס די יודישע שחיטה איז דער לייכטסטע אופן פון טעדטען א בהמה, און נאך זיין מיינונג וואלט די גאנצע וועלט על-פי-יושר בעדארפט איינצופיהרען שחיטה.

= אין דייטשען רייכסראטה האט איין אבגעארדנעטער איין אנטראג גע-שטעלט אז די יודישע זעלנער זאל ערלויבט זיין צו געהן אין שוהל דאווינען; דער קריעגסמיניסטער האט געענפערט, אז דאס איז יעדען יודישען זעלנער ער-לויבט. דערווייל איז די תשובה אגרויסע ליגען, ווארום אין דייטשלאנד טארען די יודישע זעלנער אפילו אין ימים-נוראים נישט געהן דאווינען אין שיהל.

= אין דיסעלדארף האט איין רעדאקטאר פון א אנטיסעמיטישער ציטונג בעקומען א שטראפע פון 2 טאג תפיסה ווייל ער האט געשריבען, אז א יוד מעג שווערען פאלש ווען דער ראבינער ערלויבט עס איהם.

*

**ענגלאנד.** = די ספרדישע געמיינדע פון לאנדאן האט פלוצלינג אנ-געהויבען מורא האבען פאר'ן ציוניזם: זייער חכם, דער „שיעף-רבי", ד"ר גאסטער וואס איז בעקאנט דורך זיין לאנגיעהריגע ארבייט פאר'ן ציוניזם און דורך זיין בעריהמטער רעדע אויף דעם צווייטען באזלער קאנגרעס, האט בעקומען א פער-ווייז פון זיין געמיינדע, אז ער טרעט אויף אלס ציוניסט זאל ער ערקלעהרען, אז ער זאגט נור זיין אייגענע מיינונג און נישט די מיינונג פון זיין געמיינדע. איינער פון די פארשטעהער האט גאר איין עצה געגעבען, מען זאל ד"ר גאסטער שטראפען און איהם אראפנעהמען 20 פ. ש. פון דעם געהאלט! עס פערשטעהט זיך אז די קלוגע עצה איז נישט געלונגען, און דער עצה-געבער האט זיך ניר לעכערליך געמאכט. נישט נור ציוניסטישע ציטינגען נאר אפילו ציטונגען וואס זענען קעגען דעם פאליטישען ציוניזם זענען דאגעגען שארף אויפגעטרעטען, וואס

א געמיינדע וואגט זיך, א ראבינער ווי ד"ר גאסטער צו פערביטען זיין מיינונג צו זאגען. אין דער גרעסטער שוהל פון לאנדאן איז געווען א אונגעהייער גרויסע פערזאמלונג וואס האט געגען דאס אימרעכט פראטעסטירט.

= סיר פראנציז מאנטעפיארע, דער יורש פון ר' משה מאנטעפיארע ז"ל, האט זיך אנגעשלאסען צו די ציוניסטען, און שטיצט זיי שטארק אלס פרעזידענט פון די פעראייניגטע ציוניסטישע חברות. ער וויל זיי בעגלייטען אויף זייערע רייזען אין מעהרערע ענגלישע שטעדט, וואו זיי וועלען אגיטירען פאר ציוניזם. די חברות ארבייטען מיט אלע קרעפטען, זיי בעמיהען זיך אויפצוברענגען 1000 פונד שט. (10 טויזענד רובל) און פאר דעם געלד אפקויפען די קברים פון די חשמונאים, וואס זיי ווילען זיי דערנאך געבען א מתנה דעם קאנגרעס.

*

**פראנקרייך.** = די פערבלענדעטע פראנצויזען האט גאט צוגעשיקט גאר א ניי עסק און א נייע געלעגענהייט דאס לאנד אויפצוריהרען און צו שרייען „טויט פאר די יודען!" דער פרעזידענט פון דער רעפובליק איז פאר 2 וואכען פלוצלינג געשטארבען. אלע פארטייען, איבערהויפט די פארטיי פון גענעראל-שטאב און אנטיסעמיטען האבען געוואלט וועהלען א גענעראל צום פרעזידענט אדער א מענשען וואס איז א פיינד פון דרייפוס. אבער די מיטגליעדער פון סענאט האבען בעוויזען אז די רעפובליק האט פאר זיי נאך עפיס א ווערט און האבען געוועהלט א אונפארטייאישען סענאטאר מיט'ן נאמען לובע. דאס האט, פערשטעהט זיך, די אנטיסעמיטען אורזאך געגעבען צו מאכען א געוואלד און א רעש, זיי האבען דורכגעצויגען אלע גאסען און געשריגען „נידער מיט דעם פרעזידענט!" „טויט דעם פעררעטער!" „טויט די יודען!" אין באראן ראטשילדס באנקהויז האט מען צעשלאגען די פענסטער. דער נייער פרעזידענט האט אבער בעוויזען, אז ער קען די גאנצע באנדע אנטיסעמיטען לערנען דרך-ארץ. עטליכע גרויסע רעדעלפיהרער זענען פערהאפטעט געווארען און איצט הייבט אן ווערען אביסעל רוהיגער.

= פון דעסטוועגען איז אין דעם דרייפוס-משפט גאר נישט פערענדערט געווארען. דער סענאט האט אנגענומען דעם אנטראג וואס די רעגירונג האט געשטעלט, אז די רעוויזיאן זאל אוועקגענומען ווערען פונ'ם קאסאציאנס-האף און איבערגעבען ווערען דער פעראייניגטע קאמער פון ציוויל- און שטראף-געריכט, חאטשי דיא אונטערזוכונג האט בעוויזען, אז דער חשד וואס דער פערליימדער באר פער האט פערברייטעט איבער די ריכטער פון קאסאציאנס-האף איז א נידערטרעכטיגער שקר.

*

**אפריקא.** = אין אלכסנדריא (מצרים) האלטען זיך אויף פיעל יודען וואס זענען עטלאפען פון אינזעל קרעטא (גריכענלאנד). דער ראבינער פון קאנעא וואס איז אין שכנות פון קרעטא האט זיך געווענדעט צו'ם פרינץ געארג און האט פון איהם בעקומען א הבטחה אז ער וועט אכט געבען מע זאל די יודען לאזען צו רוה און זיי נישט קיין לייד טוהן, זיי זאלען אלע צוריק זיך אומקעהרען א היים דער ראבינער וועט דאסזעלבע פועל'ן אייך פאר די יודען וואס זענען ענטלויפען פון אינזעל קאנדיא און האלטען זיך איצט אויף אין גריכישע האפען-שטעדט. דער פרינץ האט צו געזאגט, אזוי באלד ער וועט זיין אין קאנדיא וועט ער וועגען די יודען רעדען מיט דעם ראבינער פון דארט און מיט די פארשטעהער און ער וועט בעזוכען דאס יודען-פערטיל, דעם טייל פון שטאדט וואס נור יודען וואהנען דארט.

**אמעריקא.** = פון די יודישע קאלאניעס אין ארגענטיניען קומען זעהר טרויריגע נאכריכטען. נישט גענוג וואס אין אייניגע קאלאניעס האט דער היישעריק אנגעמאכט א גרויסע חורבה, האט נאך פונקט אין דער שניט-צייט אנגעהויבען אזוי שטארק רעגענען, אז די ארימע קאלאניסטען האבען יעדע האפנונג פערלארען, זיי זאלען היינטיגעס יאהר פון זייער ארבייט און מיה עפיס א נוטצען האבען. ווארום ווען עס זאל זיי עפיס יא בלייבען פון דעם היישעריק און דעם רעגען זענען זיי איבער דעם קאפ פארטוהן אין חובות וואס זיי מוזען יעדעס יאהר אין ראטעס אפצאהלען.

און וואס שלעכטער עס געהט די קאלאניסטען, וואס מעהר זיי דארפען שטיצע פון דער אדמיניסטראציע, אלץ מעהר איז זיי שלעכט און ביטער.

אין דער קראקייער „יודישע צייטונג" וואס ווערט ארויסגעגעבען פון דעם בעקאנטען חסידישען ציוניסט ר' אהרן מארקוס איז געדרוקט איין אויפרוף פון 239 יודישע קאלאניסטען פון ארגענטיניען וואס קלאגען איבער זייער עלענדער לאגע און בעטען אז אלע צייטונגען זאלען דעם אויפרוף איבערדרוקען, כדי די וועלט זאל וויסען וואס זיי האבען דארט צו לייד'ען.

---

# פעלעטאָן.

---

# נארישקייטען

## אָדער

## דער קהל'שער באָק.

(ענרע).

מיר זענען שוין חומש-יונגליך געוועהן און אין חומש ארייגעלערנט ביז דער פרשה וישלח. זאגט-זשע!—קאמאנדעוועט דער רבי צו אונז— עזים ציעגען מאתים צוויי הונדערט. צוויי הונדערט ציעגען! — וואונדערט ער זיך — איך וויים ניט אויב אין גאנצען שטעדטיל ביי אונז איז דא אזוי פיעל ציעגען.

— פערלא! — גיט ער א געשריי צו דער רביצין, וועלכע איז בעת-מעשה געזעסען אין א זייט חדר און געשטריקט א זאק. וויפיעל ציעגען ביזט דו משער געפינען זיך ביי אונז אין שטעדטיל?

— איך ווייס?— ענטווערט זי.

— וויפיעל פארט? — פרעגט ער נאך א מאל.

— מיט גוישקע?

— לאז זיין מיט גוישקע, וויפיעל א ערך?

— אפשר א הונדערט, געצעהלט האב איך זיי ניט, געגען וואס פרעגסט דו דאס?

— איך פרעג עס געגען דעם, ווייל יעקב אבינו האט זיין ברודער עשו הרשע א מתנה געשיקט צוויי הונדערט ציעגען, פערשטעהסט?

— איך פערגין עס איהם גאר ניט! — רעדט די רביצין איבער — פאר וואס קומט עס איהם? האב איך אזוי פיעל ציעגען פערקויף איך זיי און קויף אונז א הייזעל א אייגענס.

— נארישע יודענע — רופט זיך דער רבי אב — א הייזעל וואלט זי קויפען! דריי הייזער גאנצע מיט א גארטען א גרויסען, קען מען פאר אזא מטמון געלד קויפען. וויפיעל א שטייגער מיינסט דו דען קען מען נעמען פאר צוויי הונדערט ציעגען?

— מען דארף האבען א מיניסטערשען קאפ דאס צו בערעכענען!

— א מיניסטערשען קאפ, אזוי? לאכט דער רבי. איך בין ניט קיין מיניסטער און וועל עס אפשר בערעכענען. זאג אדרבה, וויפיעל האסט דו בעצאהלט פאר אונזער ציעגעלע נעכטען אויפ'ן יריד?

— זעקס רובעל, איך זאל אזוי זעקס יאהר אין נחת לעבען, ווי גאנצע זעקס רובעל, אפילו א גילדען האט ער ניט אראב-געלאזען — שווערט זיך די רביצין.

— נו, מאכט דער רבי, איז דער חשבון נישט מעהר ווי א כפל, זעקס מאל צוויי הונדערט איז אזוי גרויס ווי. . . ווי צוועלף הונדערט. פערשטעהסט, פערלא, טויזענד רובעל און נאך צוויי הונדערט רובעל! היינט דארפסט דו ניט פערגעסען, אז דאס זענען ניט געוועהן אבי וואס פאר א ציעגען, א שטייגער אונזער ציגעלע, דאס זענען געוועהן עזים ציגען, מיט'ן פולען מויל ציעגען, ארץ-ישראל ציעגען, פערשטעהסט? נאר ווארט, דאס איז נאך ניט גאר, זאגט זשע ווייטער!— קאמאנדיוועט ער צו אונז.

— ותישים און באק (קאזלעס) עשרים צוואנציג, רחלים שעפסען מאתים צוויי הונדערט ואילים און באראנעס עשרים צוואנציג. ווייסט איהר וואס באראנעס זענען?

— מיר ווייסען! — האבען זיך עטליכע יונגליך אבגערופען— מיר האבען שוין געלערנט אין וירא, בעת אברהם האט געוואלט קוילען יצחק'ן, האט זיך פארטשעפעט א באראן מיט זיינע הערנער אין א צווייג, און ווייל ער האט זיך געלאזט מקריב זיין פאר א קרבן אנשטאט יצחק'ן האבען באראנעס זוכה געוועהן מען זאל פון זייערע הערנער מאכען א שופר.

— גוט, איהר געדענקט! —האט דער רבי צופריעדען אונז געלויבט.

— גמלים קעמלען מיניקות זייגענדיגע, ובניהם און זייערע קינדער, דאס מיינט מען די קליינע קעמליך, שלשים דרייסיג. געדענקט-זשע, דרייסיג!—וואס קעמלען זענען, האט ער אונז דערצעהלט, אז דאס איז אזא מין פערד, וואס מען רייט אויף איהם אין ארץ-ישראל, אויפ'ן רוקען האט ער צוויי הארבעס, צווישען זיי זעצט מען זיך אריין רייטענדיג, און אז דער קעמעל ווערט אין כעס אויף זיין בעל הבית, וואס רייט אויף איהם, ציהט ער צוזאמען דיביידע הארבעס און דערשטיקט איהם אזוי. נאר וואס זענען אזוינס אתונות אייזעלינען און עירים מויל-אייזלען, האט ער ניט דערקלערט, און מיר האבען אפילו ניט געוואוסט, וואס מיינט מען: ותישים און באק עשרים צוואנציג.

ארויסגעהענדיג נאך דעם לערנען שפילען זיך, ווי געוועהנליך, אויפ'ן רבי'נס הויף און דערזעהענדיג צום ערשטען מאל דאס ציגעלע, וואס די רביצען האט נעכטען אויפ'ן יריד געקויפט, האבען מיר זי פריינדליך בעגריסט מיט דעם

פסוק וואס מיר האבען ערשט ניט לאנג געלערנט: „עזיט ציעגען מאתים צוויי הונדערט!" אויף וואס זי האט געענטווערט אויף איהר לשון: ממעע!

אין א פאר טעג ארום, קומענדיג גאנץ פריה אין חדר אריין, בעת דער רבי איז נאך אין בית-המדרש ביים דאווענען געווען, האבען מיר אויפ'ן הויף דערזעהן עפיס א מין חיה. עהנליך א ביסעל אויף א ציעג, אבער מיט א סך גרעסערע הערנער, מיט א גרויסען לאנגען און ברייטען בארד, און גאנצען עפיס ווילד בעוואקסען און א פאר אויגען א שרעק!

„דאס מוז זיין איין ארץ-ישראל ציעג! — האט איין יונגעל זיינע מבינות אויסגעזאגט און געפרובט צוגעהען צו דער חיה אביסעל נאהענטער, נאר די חיה איז איהם ענטקעגען געלאפען און אנגעהויבען זיך צו יאגען נאך אונז אלעמען. צו אונזער גליק איז אויפ'ן הויף דעם שכן דעם בעקער'ס א שטויס האלץ געשטאנען, און מיר האבען זיך אהין ארויפגעכאפט און פון דעם פעסטונג אנגעהויבען באמבארדירען אט די משונה היה רעה מיט שייטליך האלץ. פלוצלינג בעוויזט זיך דער רבי, און שרייט:

— שקצים, ממזרים, דאס איז דאך דער בכור, איהר קענט איהם חלילה א מום מאכען!

הא? וואס איז דאס פאר א מין? — האבען מיר מיט פערוואונדערונג אהן ווערטער, איינער דעם אנדערען אנקוקענדיג, געפרעגט. וואס א בכור איז, האבען מיר דוקא גוט געוואוסט, אין חדר זענען א פאר יונגליך געווען, וואס האבען זיך שטארק געגרויסט דערמיט, וואס זיי זענען בכורים, אבער אז א חיה-רעה, חאטש מיט א בארד א גרויסען, קאן אויך זיין אזא יחסן און זיין א בכור, דאס האבען מיר מיט אונזער קינדישען שכל ניט געקענט בעגרייפען, און אז שוין יא א בכור איז אונז קשה געווען, פאר וואס טאר מען איהם ניט שלאגען? פאר וואס שלאגט דער רבי אלע זיינע תלמידים, אפילו די בכורים?

נאר אין חדר האט דער רבי דאס אונז אלץ דערקלערט. ערשטענס, האט ער אונז געגעבען צו פערשטעהן, אז דאס מיינט דער פסוק: „ותישים און באק עשרים צוואנציג", וואס מיר האבען די וואך געלערנט. תישים, זאגט דער רבי, איז טייטש א סך, און איין באק רופט מען אין לשון-קודש תיש, גערענקט-זשע, תיש: איין באק! צווייטענס האט ער אונז דערצעהלט, אז פערצייטען האבען יודען זייער אייגען לאנד געהאט און מען רופט זי נאך עד היום ארץ-ישראל, וואס איז טייטש: דאס יודישע לאנד! אין דעם לאנד האבען מיר געהאט אונזער בית-המקדש, וואו די כהנים פלעגען מקריב זיין קרבנות אויפ'ן מזבח, און צו די כהנים האבען געהערט אלע בכורים: א בכור א מענשען האט מען אויסגעלייזט מיט פינף טאלער, און א בכור א בהמה האט מען געמוזט אוועקגעבען דעם כהן, און ער פלעגט איהם קוילען און עסען בטהרה אין ירושלים, ער האט געהייסען קדשים, זאגט דער רבי, און אין קדשים האט מען במזיד ניט געטארט מאכען א מום, און צוליעב דעם וואס מען האט שפעטער געוואלט מאכען א מום אין קדשים איז חרוב געווארען דער בית המקדש, און מיר יודען זענען אין גלות. היינט פערשטעהט איהר שוין, קינדער, האט דער רבי אונז וויטער צו פערשטעהן געגעבען — ווי גרויס די עברה איז, דעם בכור חלילה א מום צו מאכען? קדשים איז ער, און פון קדשים טאהר מען קיין הנאה ניט האבען, אפילו דער כהן ווען ער געהער אויך ניט, ווארום אין חוץ-לארץ טאר א כהן אויך קיין קדשים ניט עסען. על כן, מוזען מיר איהם האדיוען און בזכות זה, וואס מיר האלטען דעם בכור עהרליך, גיבען איהם עסען און שלאגען איהם ניט, וועלען מיר זוכה זיין משיח זאל קומען און מיר וועלען זיך צוריק קעהרן צו אונזער הייליג לאנד! פערשטעהט איהר, קינדער?

און מיר האבען נאך מעהר ווי פערשטאנען. אין איין מינוט איז די חיה-רעה, וואס מיר האבען זי נור-וואס מיט שייטליך האלץ פערווארפען, געווארען הייליג ביי אונז, און נאך א סך הייליגער אפשר ווי דער רבי אליין האט זי געוואלט פאר אונז הייליג מאכען.

איין יונגעל האט בתמימות געפרעגט:

רבי, נאך הונדערט און צוואנציג יאהר, אז דער הייליגער בכור וועט שטארבען, וואס וועט רעמאלט זיין?

— אז ער וועט אויסלעבען זיינע יאהרען—האט דער רבי געענפערט— און ער וועט שטארבען אהן א מום, וועט מען איהם איינוויקלען אין א ווייסען זאק אנשטאט תכריכים און מען וועט איהם מקבר זיין אויף א ריינעם ארט.

— רבי, און אויף יענער וועלט וועט דער בכור דער באק אויך האבען עולם הבא און זיצען דארט אין גן-ערן? — האט נאך א יונגעל א פרעג געטהון.

דער רבי, געדענק איך, האט צוגעשוויגען, באלד אונז פערדרעהט מיט עפיס אנדערש און אויף דער שאלה קיין קלארע תשובה ניט געענטווערט. מיר אבער האבען זיין שווייגען אנגענומען פאר א קלארע תשובה, אז יא! און האבען פון דאמאלס אן אנגעהויבען קוקען אויפ'ן בכור מיט גאר אנדערע אויגען. עפיס האט זיך אויסגעדראכט, אז מיר זעהען טאקי בחוש זיין פרומקייט און זיין הייליגקייט. א קליינינקייט, געדענק איך, פלעגען מיר צווישען זיך רעדען, מיט דעם זכות, וואס מיר האלטען איהם עהרליך און וואס מיר שלאגען איהם ניט, האט דער רבי געזאגט, וועלען מיר זוכה זיין צו קומען קיין ארץ-ישראל, וואו ווערים עסען ניט די לייבער פון געשטארבענע. און וואו ציעגען עסען באקסאר אין א מיטען מיטוואך, פונקט ווי מיר איינמאל אין יאהר חמשה-עשר בשבט!

פון יענעם טאג, ווי עס פערשטעהט זיך, האבען מיר איהם ניט געקארגט אונזערע בייגעל און ברויט מיט פוטער, וואס די מאמעס אונזערע פלעגען אונז מיטגעבען אין חדר אריין; יעדעס חדר-יונגעל פלעגט זיך גליקליך האלטען, אז ער איז בייס בכור נושא חן און ער לאזט זיך פאר א שטיק ברויט מיט פוטער א גלעט טהון. וואס א טאג איז ער הייליגער געווארען, און מיר האבען אנגעהויבען קוקען אויף איהם מיט מעהר כבוד ווי מיר האבען דאמאלס מיט קינדרישע אויגען געקוקט אויף די הייליגסטע מענשען פון אונזער שטעדטיל. א קליינינקייט, משיח, ארץ-ישראל, בית-המקדש, כהנים און קרבנות, און אלץ צוליעב זיין זכות!...

איך געדענק, ווי איינמאל איז מיינס א חבר'ל א פערוויינטער געקומען אין חדר. ער האט אונז דערצעהלט, אז א ברודער'ל זיינס איז שטארק קראנק און די מאמע האט איהם געשיקט איצט אין חדר גאט בעטען א רפואה פאר דעם קראנקען קינד. דערביי האט דאס פערביטערט הערצעל זיינס אזוי געחליפעט, אז אונז איז אלעמען טהרערען ארויס פון די אויגען. צוזאמען מיט איהם האבען מיר גאט געוואלט בעטען, נאר אונזער קינדרישער שכל האט קיין נאהענטער וועג צו גאט ניט געפונען, ווי צו צופאלען צו דעם באק, דעם הייליגען בכור, ער זאל אויסבעטען א רפואה פאר דעם קראנקען. און חאטש מיר האבען נאך פון פדיונות געבען ניט געוואוסט, האבען מיר שוין אבער אזוי פיעל שכל געהאט איהם פריהער אבצוגעבען דעם גאנצען פריהשטיק אונזערען, ער זאל נור מרוצה ווערען מתפלל צו זיין. אודאי האט ער זיך פון אזא פדיון ניט אבגעזאגט, ער האט די בייגעל און פוטער-ברויט אויפגעגעסען, אונז די הענד געלעקט און זיך זעהר פריינדל'ך געוויזען. ביי אונז איז דאס א סימן געווען, אז ער איז צופריעדען מיט אונזער מתנה, און אין א שעה ארום אז מיר האבען איהם דערזעהן ווי ער שטעהט, גענעצט און איז מעלה-גרה, האבען מיר בחוש געזעהן ווי ער איז איצט מתפלל, בעט פרום און הארצליך פאר אונזער חבר'ס קראנקען ברודער'ל, און מיר האבען שטארק געהאפט, אז זיין תפלה וועט אנגענומען ווערען און דאס קראנקע קינד וועט שוין זיין רפואה האבען. און ווי נאך הייליגער איז דער באק דער בכור געווארען ביי אונז, אז דאס קינד איז טאקי אין עטליכע טעג ארום געזונט געווארען! דעם חבר'ס שוועסטער, האב איך געהערט, האט דער רביצען דערצעהלט ווי דער הויפישער דאקטאר האט דאס קינד פון טויט לעבעדיג געמאכט, און איך האב ביי מיר געוואוסט, אז נישט דער דאקטאר, נאר דער בכור מיט זיין תפלה האט איהם די רפואה געבראכט...

ביסליכווייז איז דער בכור ביי אונז קינדער א מין אבגאט געווארען, האט ווער פון אונז געהאט עפיס א שווער הארץ, אדער א דאגה, האט מען עס דעם באק דערצעהלט, דערצעהלט אין שטילען, קיין אנדער יונגעל זאל עס ניט הערען, אז ער פערשטעהט, וואס מיר דערצעהלען איהם, האט זיך ניט נור געגלויבט, נאר אויך בחוש ארויסגעזעהן, און וואס פאר א שאלה איז דאס, צי פערשטעהט ער? קוים איז ער הייליג פערשטעהט ער אודאי אלין.

עס האט אויך געטראפען, אז א סך פון זיינע דרכים און מנהגים, האבען מיר ניט געוואוסט ווי צו פערענטפערן, בפרט זינט ער איז א שטארקער מחותן געווארען מיט דעם גלח'ס ציעגען, מיט וועלכע מיר פלעגען איהם אפט בעגעגנען, און איינמאל האבען מיר אליין געזעהן ווי דעם גלח'ס דינסט האט ארויסגעטראגען א פוימוניצע פול מיט קלייען און מיט שאלעכצען אלערליי, און דער הייליגער בכור האט זיין כשרה מארדע מיט זיין פרומען בארד אין דער טרפה'נע פוימוניצע אריינגעשטעקט, געזופט און געגעסען די אלע טרפה'נע מאכלים גלייך מיט דעם גלח'ס טרפה'נע ציעגען. דאס האט אונז א שטיק געזונד צוגענומען, ס'טייטש, ווי קען עס געשעהן? צי איז ער חלילה פון גלייכען וועג אראפ? האבען מיר געפרעגט. נאר דער רבי, וועלכען מיר האבען אונזער עגמת-נפש דערצעהלט, האט דעם באק פערענטפערט און אונז דערקלערט, אז חאטש ער איז א בכור און הייליג איז ער פארט קיין מענש ניט און איז ניט מחויב על פי דין גאר אבצוהיטען אלע מצוות פון דער תורה, און חאטש ער עסט פון גלח'ס פוימוניצע איז ער פון דעסטוועגען הייליג און מען טאר איהם ניט שלאגען. פון דעמאלט אן האבען מיר די גרעסטע עולות געמעגט פון איהם זעהן, איז זיין הייליגקייט ביי אונז ניט געמינערט געווארען אויף א האר...

און ניט נור מיר קליינע קינדער האבען אזוי אין זיין הייליגקייט געגלויבט, אפילו די גרויסע, די טאטעס און די מאמעס אונזערע, האבען פאר איהם גרויס דרך-ארץ געהאט, און וואס פאר א שארען ער האט געמעגט אבטהון איז איהם קיינמאל א האר ניט געקרומט געווארען.

און אזוי האב איך דערנאך שענע עטליכע יאהר דעם אייגענעם באק געזעהן זיך אומטרייבענדיג איבער אלע מערק און גאסען, חאפען פון די מיל-טערליך ביי די ארעמע ווייבער, ביי דער— א בייגעל, ביי איין אנדערע— א קארטאפעל אדער א מייערל, ביי א דריטער — א יושר געהאט צו צוחאפען איהר גאנץ ביסעל שפייז, וואס זי האט אנגעגרייט פאר איהרע הונגריגע קינדער. די יודענע שפרינגט אויף א פערקלעמטע, חאפט וואס איהר פאלט אין האנד אריין, יאגט זיך מיט קללות, מיט א געיאמער, נאר נאך א יודענע שרייט איהר נאך: „יענטעל, יענטעל, דאס איז דאך דער בכור!" יענטעל לאזט ארויס דעם שטעקען פון האנד, גיט זיך א פאטש איבער די ליפען און רעדט מיט א פערביטערט הארץ פאר זיך: גאט זאל מיך ניט שטראפען פאר מיין זינדיגען מויל, איך האב דעם הייליגען בכור געשאלטען, ניט גערעכענט זאל עס מיר זיין, טאטע פאטער!

מיט דער צייט האב איך זיך דערוואוסט, אז מען רופט איהם אויך: דער קהל'שער באק, אז איהם קענען אלע, אז ער שעדיגט אלעמען, און פון דעסטוועגען טשעפעט איהם קיינער ניט. ביי נאכט איז זיין סטאנציע אין פאלעש פון ווייבערשער שול, און ביי טאג טרייבט ער זיך אום שלינג און שלאנג אין ד' גאסען, געהט אפילו זומער אין פעלד ניט, נאר גנב'עט און חאפט און איז זיכער, אז אויף איהם איז קיין קלאגער קיין ריכטער נישטא.

עס ווייזט אויס, אז ער האט אליין א פנים געוואוסט, וואס פאר א מין יחסן ער איז, ווארום וואס א יאהר איז ער גרעסער און שטארקער געווארען, און וואס גרעסער און שטארקער ער איז געווארען איז אויך גרעסער און שטארקער זיין חציפות און עזות געווארען, און ער האט פשוט א מענשען א גאס ניט געלאזט דורכגעהן. אט הערט מען, ער האט א קינד אויף די הערנער ארויפגענומען, און אט דערצעהלט מען, ווי ער האט א מעוברת ווייבל אין שול פון די טרעפ אראפגעשטויסען און זי האט מפיל געווען. דעם ווייבעלס מאן האט אפילו געשריען אין בית-המדרש: ס'טייטש, ווי האלט מען אזא מזיק אין א מקום קדוש?! נאר ר' אריה דער דיין האט דעם יונגענמאן אויסגעשייגעצט, איהם געזאגט, אז ער איז עתיד ליתן את הדין פאר אזעלכע ביטערע רייד אויף א בכור, וואס איז על פי דין הייליג, און דער יונגערמאן האט שוין מעהר קיין טענות געהאט.

און וואו נור און ווען נור דער באק פלעגט ארויסברענגען אייגעם פון געדולד און יענער האט געוואלט איהם עפיס אנריהרען, פלעגט אויסוואקסען פלוצלינג ר' אריה דער דיין, א הויכער טרוקענער יוד, מיט א שמאל שפיציג בערד'ל און עטליכע ווערטער זיינע: „ווי האט עס א יוד א הארץ און א העזה צו ווען מחלל קדשים זיין? דאס איז דאך אונזער באק!"... האבען געווירקט ווי א לחש, וואס האט א איבערנאטירליכען כוח, און דער גרעסטער שונא דעם באק'ס האט מעהר קיין העזה געהאט ר' אריה'ן עפיס צו ענטפערען.

נאר איין אבנר דער לעהרער, פלעגט פונ'ם בכור חוזק מאכען און אויסרעדען אויף איהם כל' א בייז. דערפאר האט אבנר טאקי ניט איינמאל געהאט זיין פסק, ר' אריה האט אין שול איהם גערופען אפיקורוס, געזאגט אז ער גלויבט אין משיח'ן ניט, און חאטש קיינער האט ביז אהער פון אבנר'ן קיין אפיקורסות ניט געזעהן, איז שוין זיין נאמען „אבנר דער אפיקורוס" געבליבען אויף שטענדיג. חדר-יונגליך פלעגען איהם נאכלויפען שרייען: „אבנר דער אפיקורוס!", שפייען אויף איהם און איהם פערווארפען מיט בלאטע; פרומע ווייבער פלעגען אויסבטל'ן אלע בייזע חלומות צו איהם, און שעלטען, אז וואס עס האט געזאלט זיין דעם באק אין שפיץ הארן זאל אויסגעהן צו אבנר'ס קאפ, הענד און פיס. און אין שול האט ר' אריה ניט דערלאזען אפילו איהם צו דער תורה אויפרופען א גאנץ יאהר. אבנר איז טאקי נור א גאר נעבליבען און דער באק האט זיך ווייטער געשפאצירט מיט גאנצע מחנות ציגען, יודישע און ניט יודישע און פראנק און פריי ווייטער געחאפט פון די מילטערליך און איהם איז א האר ניט געקרימט געווארען.

און ווער ווייסט צו וואס דער באק האט געקענט אויסוואקסען, ווען עס מישט זיך ניט אריין אין מיטען דער איספראווניק, און בעפרייט ניט דאס שטעדטיל פון אזא אנשיקעניש.

אין שטעדטעל האט מען דערצעהלט, אז אבנר, מיט זיין קאמפאניע יונגע לייט, האבען אויף דעם באק, כלומר'שט, א מסירה געשריבען, און דער איספראווניק איז עקסטרא אראפגעפאהרען זעהן וואס איז דאס פאר א מין חיה, וואס א גאנצע קהלה פון ניט נארישע בעלי-בתים בכלל לאזט זיך פון איהר טרעטען. נאר ריכטיגער איז ווי אבנר אליין האט דערצעהלט: עס איז עפיס אין שטעדטיל ניט שטיל געווארען, קליינע קינדער נעביך זענען ווי פליגען געפאלען, ר' אריה האט געזאגט, דאס איז א סימן, אז אין שטעדטיל זענען דא חטאים און האט געהייסען, אז ווער עס ווייס זאל אויסזאגען. דער איספראווניק, וואס האט ניט געגלויבט אין אזעלכע זאכען איז אראבגעקומען זוכען די זאראזע אין די בערגער מיסט און שמוטץ אין יודישע גאסען און הויפען. ער האט, זאגט מען, א הויף און א שטוב ניט דורכגעלאזען, וואו ער האט ניט געהייסען רייניגען און שייערן, און אז ער איז ענדליך אויך אין דער מקוה און, להבדיל, אין שול געווען, און טאקי אין דער ווייבערשער שול דעם באק דעם בכור אנגעטראפען, האט ער גענוג געלאכט און געשפעט פון אונזערע קהל'ס לייט. מען דערצעהלט אפילו, אז פאר לאכען און אבשפעטען האט איהם טאקי גאט געשטראפט און טאקי דא אויפ'ן ארט האט איהם דער בכור שיער ניט דורס געווען, דערפאר איז ער אין כעס אריין און האט באלד געשיקט נאך איהם עטליכע דעסיאטניקעס זיי זאלען איהם בינדען און גלייך אין בויניע אוועקפיהרען מאכען א סוף פון איהם.

מען קאן זיך פארשטעלען, וואס פאר א רעש אין שטעדטיל איז געווארען אז מען האט פון דער גזרה דערהערט. ר' אריה האט א געוואלד געמאכט, קהל האט זיך צוזאמען געקליבען און מיט א מגה-יפה האט מען געפועלט דער איספראווניק זאל פערגרינגערען זיין גזר דין. אנדערע זאגען, אז ניט די יודישע מתנה אליין האט דאס מאל נעהאלפען, נאר אויך דער גלח צוליעב זיינע ציגען האט פאר'ן איספראווניק אויפ'ן באק שטארק מלמד זכות געווען, און בזכות דער יודישער מתנה מיט דעם גלח'ס השתדלות, האט זיך דער איספראווניק געלאזט איבערבעטען און האט דעם בכור אזועקגעגעבען צו א געניטען פאסטוך אין די הענד אריין און איהם אנגעזאגט: הזהר והזהר, ער זאל דעם ווילדען באק ניט לאזען אזוי פוסט-און-פאס זיך ארומטרייבען, און וועט נור ערגעץ דורך איהם א שאדען טרעפען, וועט ער, דער פאסטוך, דארפען פאר איהם ליידען.

פון יענעם טאג אן איז שטיל אין שטעדטיל. די ארמע מארק-ווייבער מעגען זיצען און חאטש דרעמלען נעבען זייערע מולטער אויבס און בייגעל. קינדער קענען אהן עלטערן אפילו רוהיג שפילען אויף די גאסען, מעוברת'ע ווייבליך האבען מעהר קיין מורא ניט אפילו אהן דעם שמש אריינצוגעהן שבת אין דער פריה אין ווייבערשע שול, מען איז שוין קיינעם ניט דורס, אלעמען איז א ליכט אין די אויגען.

און אבנר דער לעהרער איז אויס אפיקורוס, א יוד א פרומער, וואס דאווענט אפילו מנחה און מעריב מיט א מנין אין בית-המדרש, מען רופט איהם שוין ווידער אויף צו דער תורה ווי פריהער. און די אייגענע, וואס האבען פריהער בייזע חלומות אויף איהם געבטל'ט, דערצעהלען איצט מיט פערגניגען וואס פאר א גוטער קלוגער מענש דער אבנר איז, און יעדע מאמע מעג זיך ווינשען אזעלכע קינדער צו האבען.

שפעטער, אז איך בין עלטער געווארען און געפריווט זיין אין פערשידענע שטעדט, גרויסע און קליינע האב איך דעם אייגענעם באק, דא און דארטען ווידער בעגעגענט, חאטש שוין אין איין אנדער פעל, מיט איין אנדער בארד, און אפט שוין גאר אהן א בארד... נאר וואס קומט ארויס דערפון, די הערנער זענען אומעטום די אייגענע, אומעטום לייזט מען פון איהם און אומעטום שווייגט מען איהם, ווייל דער עולם האלט איהם פאר הייליג און מען טאר ניט אין איהם נישט נור מאכען נאר אפילו זוכען א מום...

דאכט זיך ווי נאריש, ווי קינדיש, איז די מעשה פון יענעם קהל'שען באק, נאר א נארישקייט געדענקט זיך, אפשר טאקי דערפאר נאר ווייל זי ווידערהאלט זיך אין לעבען אזוי אפט. נאר ווי דאס איז, מיר איז צוליעב דער נארישע מעשה פערשטענדליך געווארען דער כח פון דעם מין לחש „די עהרע פון אונזער ארמיי!", וואס קעהרט איצט אין פאריז אלץ איבער מיט'ן קאפ אראפ.

ניט די פוסטע ווערטער: „דער כבוד פון אונזער ארמיי!" הער איך דארט שרייענדיג, נאר אלץ די אייגענע ווערטער ר' אריה דעם דיין'ס: „ווי האט עס א יוד, וואס גלויבט אין משיח'ן אזא הארץ אזוי פון אונזער הייליגען באק אבצושפעטען?..."

אכט און צוואנציג יאהר האדיוועט און שפייזט פראנקרייך איהר פוסט-און-פאסניק, איהר באק, איהר בכור... אכט און צוואנציג יא"ר טרייבט ער זיך ארום פראנק און פריי אין אלע גאסען, שעדיגט א מאל דעם א מאל יענעם און קיינער, אויסער דער גלח מיט זיינע ציגען, האבען פון איהם קיין הנאה ניט, און חאטש מען זעהט שוין אפען ארויס זיין ווילדיקייט, טאר מען נאך אלין א ווארט אויף איהם ניט אויסרעדען, ווייל ער איז הייליג, און וואס הייליג א"ז, זאגט דער רבי טאר מען קיין הנאה האבען... און טאקי בזכות זה וועט פראנקרייך זוכה זיין צוקומען צוריק צו איהר הייליג לאנד עלזאס-לאטהערינגען, וואס זי האט פערלארען, גלויבט זי, ניט פאר אלע אנדערע חטאים איהרע, נאר טאקי וואס זי האט, מיט אכט און צוואנציג יאהר צוריק, ניט געוואוסט ווי כשר און עהרליך זיך צו בעגעהן מיט איהר דענסטמאליגען באק.

אומזיסט שרייען נעביך פאריזער אבנר, אז ניט א באק אליין, נאר נאך אנדערע מעשים-טובים דארף א לאנד טהייער זיין, אומזיסט דערמאנט מען טאג טעגליך, אז פאריז במשפט תפדה... עס העלפט ניט. אבנר און זיינע לייט זענען אפיקורסים! שרייען פאריזער ר' אריה'ס, זיי גלויבען אין דער גאולה ניט און ווילען ניט מיר זאלען צו אונזער עלזאס-לאטהערינגען צוריקקומען! און חדר-יונגליך לויפען זיי נאך און שפייען אויף זייערע טריט, פרומע ווייבער פערווארפען זיי מיט בלאטע און בטל'ן בייזע חלומות צו זייערע קעפ, און אפילו די גרויסע און די קלוגע, ווילען ניט מודה זיין אז אבנר איז גערעכט, חאטש זיי צווייפלען אין דעם ניט, און רופען איהם מעהר צו דער תורה אפילו ניט אויף שוין מעהר ווי א יאהר צייט...

און אז איך הער עס און זעה אויך וואס עס טהוט זיך אין דעם גרויסען פאריז, דערמאהן איך מיט א זיפץ קהלת'ס ווערטער: „מה שהיה הוא שיהיה", אלעס איז שוין לאנג געווען, און מיט מיין באבען צוגלייך זאג איך:

הערט איהר, קינדער, די גאנצע וועלט איז איין שטאדט און אלע מענשען האבען איין שכל. קליינע קינדער קליינע נארען, גרויסע קינדער גרויסע נארען!...

און טאקי צוליעב דעם גלויב איך, אז עס וועט אין פאריז אויך קומען איהר איספראווניק א מאל, און וועט נעהמען דעם פאריזער פיעלהערנערינגען בכור, דעם קהל'שען באק, איהם אריינגעבען צו א גוטען געניטען פאסטוך און די הענד אריין. וואס זאל איהם דרך-ארץ לערנען, ער זאל שוין מעהר אזוינס ניט טהון וואס ער האט ביז איצט געטהון, און דענסטמאל וועט אלעמען א ליכט אין די אויגען ווערען, און אבנר וועט ווערען אויס אפיקורוס און קלוגע ווייבער וועלען זיך נאך בענשען אזוינע קינדער צו האבען ווי ער.

י. דינעזאהן.

---

Verlag „Achiasaf" Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau.

# געזעלשאפֿט „כרמל“ ווארשא

אויסשליסליכער פֿערקויף פֿיר גאנץ רוסלאנד

# פֿון נאטירליכען וויין און קאניאק



וועלכער ווערד אוסגעארבייט

**אין די וויינגערטנער**

פֿון די

## יודישעקאלאניעס

אין

## ארץ ישראל




די מארקע איז בעשטעטיגט פֿון דער רוסישער רעגירונג.

דער עטיקעט איז בעשטעטיגט פֿון דער רוסישער רעגירונג.

די פראקטיקע פֿון די פֿאריגע יאהרען האט אונז בעוויזען, אז פֿאר יום טוב קומען אן אלע בעשטעללונגען צוזאממען, אין דארום זענען מיר נישט אים שטאנד, ביים בעסטען וויללען, צו זיין פינקטליך, און די קונים צופֿרידען צו שטעללען, כדי דאס צו פֿערמיידען בעטען מיר אונזערע געעהרטע קונדען זיי זאלען אזוי גוט זיין יעצט **פֿאר פסח, ארײנשיקען באצייטענס די בעשטעללונגען**, וועט יעדער קעננען קריגען אין דער צייט, ווייל מיר מוזען דאך האלטען איין ארדנונג, דעם וואס בעשטעללט פֿריהער שיקען פֿריהער.

אללע וויינען און קאניאקען פֿון „כרמל“ זענען **כשר לפסח** און עס איז פֿון זיי נפרש געווארען תרומות און מעשרות ווי דער דין איז. אויף דעם האבען מיר הכשרים פֿון רב הכולל פֿון ארץ ישראל הרב הגאון ר' יעקב שאול אלישר שליט"א און פֿון הרב הגאון מיפו, בעשטעטיגט דורך הרב הגאון ר' שמואל סאלאנט שליט"א און פֿון די רבנים מווארשא.

### פֿאלגענדע סארטען וויין און קאניאק האבען מיר שטענדיג אויף לאגער.

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| Nr. (1 | רויט-וויין „ראשון לציון“ | St. Julien. | Nr. (7 | ווייסער וויין „חרמון' | Sauterne I | Nr. (12 | ויססער וויין „כרמיה“ | Cremieux I |
| (2 | „ „ „ „פתח תקוה“ | Modoc I | (8 | „ „ „ „ | II | (13 | „ רויט וויין זיס „ | II „ |
| (3 | „ „ „ „ „ | II | (9 | „ קאניאק „כרמל“ *** | Carmel | (14 | „ זיס „עזרא“ | Esra |
| (4 | „ רויט-וויין זיס „רחובות“ | Alicante | (10 | „ „ „ | B. R. P. | (15 | „ ווייססער וויין זיס „עקרון“ | Muscat |
| (5 | „ ווייס „לבנון“ | Haut Saut. I | (11 | „ רויט וויין „נעטטער“ | Netter | (16 | „ ווערמוטה „ראש פנה“ | Wermuth |
| (6 | „ „ „ | II | | | | | | |

אויך בעקומט מען צו קויפֿען אין אונזערע סקלאדעם :



# האניג און זיסע מאנדלען



## פֿון די יודישע קאלאניעס אין ארץ ישראל

מיר שיקען פער נאכנאהמע נעגען 20% אנגעלד. אויף בעשטעללונגען פֿון 30 פֿלאשען און מעהר רעכנען מיר ניט פֿיר עקספעדיציאן און פֿערפאקונג.

הויפט-קאנטאר אין ווארשא, נאלעווקי נו' 21, טעלעפאן נו' 1433.

מאגאזינען אין ווארשא: 1) געגשא נו' 11, טעלעפאן נו' 1433; גראניטשנא נו' 2, טעלעפאן נו' 1473 3) קראקויער פֿארשטאדט נו' 85.

אדרעססע פֿיר בריעף: Товаричество Кармелъ Варшава. פֿיר טעלעגראממען: Варшава Кармелъ.

אבטהיילונג פֿיר זיד-רוסלאנד אין **אדעססא** רישעליעווסקאיא, אין דעם הויז פֿון ה' בארבאש:

אדרעססע פֿיר בריעף: Товарищество Кармелъ Одесса. פֿיר טעלעגראממען: Одесса Кармелъ.

צו אדעססער ראיאן געהערען די גובערניעס: חערסאן, קישיניעוו, יעקאטערינאסלאוו, פאדאלסק, קיעוו, חארקאוו, פאלטאווא, קרים און קאווקאז.

## אונזערע וויינען און קאניאקען בעקומט מען אין אלע וויינהאנדלונגען

כדי צו בעווארנען כרמל-וויין און קאניאקען פֿון נאכגעפֿעלשטע, פֿערקויפֿען מיר אונזערע וויינען און קאניאקען נור אין פֿלעשער פֿערזיגעלט מיט אונזער סטעמפעל און פֿערקניפט מיט דער פלאמבע פֿון „כרמל“.